# PRI YERUCHOM

PART I

A book containing valuable thoughts and enlightment on the Book of Psalms and on various Talmudical passages, written in popular language so that every Jew may enjoy the beauty of our holy Torah.

This book is written in the same spirit and contents as that of my other book known as "HEGYONEI YERUCHOM" which is very popular in Jewish life and to which all the Rabbis and Leaders in Israel have put their seal of approval.

BY

RABBI F. W. CIECHANOWICZ

NEW YORK, N. Y.

1939

ספר

# פרי ירוחם

חלק א

געדאַנקען און ערקלערונגען אין תהלים
און אין מאמרי חז"ל, בעהאַנדעלט דאָס
יעדער איד זאָל קענען געניסען פון
אונזערע גייסטיגע תורה אוצרות.

דער ספר איז אין גייסט און אין אינהאַלט ווי
מיין ספר „הגיוני ירוחם", וואָס איז באוואוסט
אין דער אידישער וועלט, וואָס אלע גדולי
ישראל האָבען אויף איהם מסכים געווען.

פון

הרב יז"ץ

(המכונה פישל וואלף צעכאנאוויץ)

ניו יאָרק, תרצ"ט

# פאָררעדע

## אָדער גאָר אַ פאַרטיידיגונג

פיעל פון מיינע פארעהרער שליט"א, וואָס האָבען געלעזען מיין מאַנוסקריפּט, האָבען מיך פּרובירט קריטיקירען אויף דעם וואָס איך שרייב דעם ספר אין דער אידישער שפּראַך און נישט אין לשון קודש. אנדערע פון זיי האָבען זיך שטאַרקער אויסגעדריקט מיט די ווערטער, אז עס פּאַסט נישט דאָס אַזאַ וויכטיגער, באַלערענטער ספר זאָל געשריבען ווערען אין זשאַרגאָן. דאָס איז קריטיק מיט א ביטול אויף דער אידישער שפּראַך, וואָס אַ אמת, איך בין זיך מודה ומתודה, דאָס איך אליין בין פון די וואָס זיינען אין דער מיינונג, אז דאָס וואָס מען קען זיך נאָר באַנוצען מיט לשון קודש, דאַרף מען נישט נוצען קיין אנדערע שפּראַכען, ווייל לשון קודש איז אונזער פאָלקס-שפּראַך, וואָס איז מיט איהר צוזאמען געבוירען געוואָרען. אין דער שפּראַך איז אונזער תורה, מיט דער שפּראַך האָבען גערעדט צו אונז אונזערע נביאים, אין דער שפּראַך איז די שירים פון רבי יהודה הלוי און בן גבירול, געווים, געווים, איז לשון קודש געוועזן אונזער שפּראַך, און זי וועט מיט ג-ט'ס הילף זיין אונזער שפּראַך, און טאַקע פון גאַנצען פאָלק,

מיט איהר זיך צו באנוצען אין הויז און אין גאס, אָבער ביי היינטיגען טאָג וואָס קען מען טאָן, מיר מוזען זיך רעכענען מיט דעם וואָס גאָר א גרויסער טייל פון אונזער פאָלק וועלכע פערהייליגען די לשון קודש שפּראך, אָבער באנוצען זיך מיט איהר איז זיי שווער. יאָ, עס דאַרף אזוי נישט זיין, אָבער דאָס איז דאך לייי־דער א געשעענער פאקט, דאָס אונזערע אידישע מענ־טשען באנוצען זיך מער מיט אידיש ווי מיט לשון קודש און באַשולדיגען זיי פאַר דעם קען מען אויך נישט. דאָס איז בלויז די שולד פון ביטערען גלות, וואָס נישט נור די שפּראַך האָט ער פון אונז אַוועקגערויבט, נאָר אויך פיעל טייערע היילִיגטימער.

אַלזאָ, מוזען מיר זיך רעכענען מיט דעם פאקט, דאָס א סאך פון אונזער פאָלק ריידען און שרייבען אין דער שפּראך, איז אפילו זי זאָל זיין זשאַרגאָן, איז זי דאָך די אידישע שפּראַך. מיר זעהען דאָך, אַז מ'האָט אַ נאָמען געגעבען די שפּראך אידיש, איז דאך א סימן אז זי רעכענט זיך שוין אין דעם אידישען באגאזש אין דעם פאָלקס־אייגענטום.

דער רמב"ם ז"ל אין פרקי אבות דריקט זיך אויס מיט דעם געדאַנק: „אמת, לשון קודש איז טייער, נאָר אויב אז איינער שרייבט שלעכטע זאכען אין לשון קודש און א צווייטער שרייבט דברי חכמה ומוסר אין אן אנ־דער שפּראך, איז געווים די שריפט פון די חכמה ומוסר

טייערער". די וואָס האָבען ביי מיר באַשטעלט די ספרים זיינען עהרליכע, טייערע, גוטע אידען וואָס ווילען לער-נען אידישע תורה און חכמה. פיעל פון זיי האָבען פאר-לאנגט איך זאָל מחבר זיין פאר זיי א ספר אין אידיש, בעט איך די וואָס לשון קודש איז ביי זיי גרינג אָבער אידיש וועלען זיי דאך אויך קענען לעזען. בע"ה וועט זיין דער ספר שוה לכל נפש, דאָס יעטוועדער אידישער מענטש וועט קריגען פון די ספרים שיינע ידיעות בחכמת ומוסר התורה.

# פתיחה

## (איינלייטונג)

**רש"י הקדוש** ערקלערט אויף דער גמרא שבת דף קמ"ה, „במתא שמאי בלא מתא תותבאי", מיינט דאָס „במתא" אין מיין שטאדט וואָס אלע קענען מיר, איז גענוג „שמאי" מיין נאָמען, אָבער „בלא מתא", נישט אין מיין שטאדט, דאָרט קען מען דאך מיר נישט, איז „תותבאי", מוז איך זיך באשוינען מיט קליידער, דאָס זעלבע ווען איינער שרייבט א ספר, א ווערק אין זיין געבורטס-געגענד, דארף מען קיין הקדמות און פתיחות ווייל יעדער קען דעם פערפאַסער, אָבער אין פרעמדע מדינות, וואו מען קען נישט דעם מחבר, מוז מען זיך באפוצען מיט פתיחות און אזוי טהו איך.

**עס איז א מנהג** ביי אידען פון גאָר אַלטע צייטען, אז יעדער פאַרפאַסער שרייבט אַ פאָררעדע און א איינלייטונג צו זיין ספר. אזוי ווי דער רמב"ם, דער אבן עזרא, דער רז"ה און דער רמב"ן. כמעט אלע ראשונים האָבען געשריבען הקדמות און איינלייטונגען צו זייערע ספרים, און אַזוי אויך די אחרונים, ווי דער „בית יוסף", דער רמ"א, דער סמ"ע, דער ט"ז, דער ש"ך, דער „פרי מגדים", ביז דעם לעצטען פון די לעצ-

טע. האָב איך מיר געלערענט אַ קל וחומר: מה דאָך די דאָזיגע ריעזען, די געטליכע מלאכים, וואָס זייערע נעמען אַליין זאָגען דעם אינהאַלט פון זייערע ספרים, דען אין זייערע ספרים איז תורה פון סיני, דאָך האָבען זיי געשריבען פאָררעדעס און איינלייטונגען, און פיל מאָל זיך פאַרענטפערט מיט גרויס עניוות (בעשיידענהייט), וואָס זיי האָבען געוואָגט ביי זיך צו ערקלערען, אָדער אויפצוטאָן נייעס אין דער תורה.

אַלס ביישפּיעל פון די ראשונים, וועל איך ברענגען די הקדמה פון רמב"ן זכרונו לברכה צו זיין פירוש אויף תורה, וועלכער שרייבט מיט דעם לשון:

„איך הויב אָן צו שרייבען חידושים און מיין פּירוש אויף תורה מיט שרעק, מיט ציטער און פורכט. איך בין מתפלל און זיך מתודה מיט אַ צובראָכען האַרץ און בעט ענטשולדיגונג און פאַרגעבונג מיט אַ געבויגענעם קאָפּ מיט קניהען און בוקען, ביז צו צוברעכונג פון אלע גלידער". און אויך אזוי כמעט אלע ראשונים און אחרונים שרייבען אזעלכע נוסחאות אין די הקדמות פון זייערע ספרים, וועלכעס ווער עס וויים נאָר פון זעהן, דאָס הייסט ווער עס האָט געלערענט אין זייערע ספרים, אָדער ווער עס קען זיי פון הערען, וואָס ער האָט געהערט די געשיכטע פון די גאונים, נעהמט אונז אָרום אַ שרעק, זעהענדיג ווי זיי האָבען געבויגען זייערע קעפּ פאַר די פריהערדיגע פון זיי,

און ווען זיי האָבען געזאָגט עפּעס אַ נייעס, וויפיעל מורא און אונטערטעניגקייט זיי האָבען אַרויסגעוויזען, מיט זייערע אויגען האָבען זיי געזעהען און געוואוסט דעם אמת פון די רייד פון די חז"ל, וואָס זיי האָבען געזאָגט: „אם הראשונים כמלאכים, אנו כבני אדם, ואם הראשונים וכו'". אויב די ערשטע זענען געווען ווי די מלאכים, זענען מיר ווי מענשען, און ווען די ערשטע זענען געווען מענשען, זענען מיר קלענער ווי מענשען.

**צום ביישפּיעל: דער רמב"ם** שרייבט אין זיין הקדמה צום משניות סדר זרעים וועגען רבנו יוסף הלוי אבן מגאש זצ"ל מיט דעם לשון: „דאָס האַרץ פון דעם מענש אין תלמוד איז שרעקליך פאַר דעם, וועלכער טראַכט גוט אַריין אין זיינע רייד און טיעפען שכל, וועלכעס איז כמעט געזאָגט געוואָרען וועגען איהם, אַז פאַר איהם איז נאָך נישט געווען קיין מלך מיט זיין פיהרונג און שטייגער". מיר דאַרפען וויסען, אַז רבנו יוסף הלוי איז געווען אַ תלמיד פון רב אלפס זצ"ל. לויט דעם קענען מיר שוין האָבען אַ באַגריף פון דעם רמב"מ'ס רייד, די גרויסקייט פון רב אלפס און העכער.

**איצט** וועלען מיר זיך מאַכען אַ חשבון הנפש, אויב די צעדער-בוימער האָבען אַזוי געציטערט, וואָס זאָלען מיר שוין רעדען. איך האָב נישט גענוג

ווערטער אין מיין מויל צו שילדערען די קליינקייט פון אונזער ווערדע, אנטקעגען אונזערע פארפאסער אין באנייאונג און ערקלערונג פון הלכה און אגדה. און זיי האבען זיך פארענטפערט, האבען געקניהט און זיך געבוקט, האבען תפלה געטאן, האבען זיך מתודה געווען, האבען געבעטען ענטשולדיגונג און פארגעבונג אויף דעם, וואס זיי האבען געוואגט אריינצוטרעטען אין פאלאץ פון די חידושים, און טאמער וועלען זיי אנריהרען דעם כבוד פון וועלכען עס איז מחבר (פאר-פאסער), מכל שכן, איך דארף געווים אראפבויגען מיין קאפ און צו בעטען ענטשולדיגונג פון די גאונים פאר מיין דרייסטקייט ארויפצוטרעטען אויפ'ן שוועל פון זייער תורה-פאלאץ, און זיך צו ציילען צווישען די מחברים, איבערהויפט בעט איך ענטשולדיגונג, אפשר האב איך חס ושלום אנגעריהרט זייער גרויסען כבוד, אפשר האב איך געזאגט א זאך אין זייערע רייד, וואס זיי איז עס גאר אויף זייער געדאנק נישט ארויף, און אפשר האב איך נישט מדקדק געווען אין זייער לשון, און דורך דעם בין איך געקומען צו א טעות, ווייל אונזערע ערשטע לעהרער פלעגען ציילען די אותיות, און האבען נישט מאריך (פארלענגערט) געווען דארט, וואו מען האט געקענט מקצר זיין, און אויב זיי האבען צוגעגעבען אן איבעריגען ווארט אין זייערע רייד, זענען זיי דערמיט עפעס אויסען געווען. און אויך אונזערע לעצטע לעהרער, און בפרט די פוסקים אין הלכה (די וועלכע ענטשיידען די געזעצען) און אין מא-

ראַל, וואָס פון זייערע וואַסער טרינקען מיר און פון זייער מויל לעבען מיר, זענען געווען פאַרזיכטיג אין זייערע רייד, מיט יעדען אויסדרוק זענען זיי עפּעס אויסען געווען. דאַרפען מיר געווים לערנען זייערע רייד מיט דער גרעסטער ערענסטקייט. אונזערע חכמים האָבען שוין לאַנג געזאָגט, אין מסכת עבודה זרה דף י"ט: „אַז אפילו די איינפאַכסטע געשפּרעכען פון די תלמידי חכמים דאַרף מען לערנען און פערשטעהן". ווי עס ווערט געזאָגט: „ועלהו לא יבול" (זיין בלאַט ווערט נישט פאַרוועלקט). רש"י הקדוש ערקלערט דאָס מיט דעם לשון: „מען דאַרף זיך לערנען פון זייערע געשפּרעכען, צו רעדען אויף זייער שפּראַך, וועלכע איז אַ ריינע, אַן איידעלע, אַ רייכע און אַ היילענדע. „ועלהו לא יבול" — אזוי ווי אַ בלאַט פון אַ בוים, וואָס דאָס איז אַן אומבאַדייטענדע טייל פון בוים, דאָך לא יבול, וועט נישט פערוועלקעט ווערען, — אזוי איז אַן איינפאַכער געשפּרעך פון תלמידי חכמים. ער געהט נישט לאיבוד אָהן אַ נוצען". וואָרום אפילו אין זייערע שיחת חולין, אין זייערע איינפאַכע געשפּרעכען, האָבען זיי אויך מדקדק געווען, אַז עס זאָל זיין געצעהלט, געמאָסטען און געוואויגען; אַז דער געשפּרעך זאָל זיין איידעל און ברענגען נוצען פון רייכקייט און היילונג פאר די צוהערער, און מכל שכן, בעת זיי האָבען גערעדט דברי תורה אין הלכה, אָדער אין אגדה, וואָס זיי האָבען נישט גערעדט נאָר צו זייער דור, נאָר אויך צו די דורות, וועלכע וועלען קומען נאָך זיי, —

האָבען זיי אוודאי געצעהלט יעדען אות, אַז עס זאָל ברענגען נוצען; אַז מענשען זאָלען נישט געשטרויכעלט ווערען, אַזוי ווי דער לשון פון די חכמים, וואָס איז אַ „לשון חכמים ומרפא" (אַ שפּראַך אַ קלוגע און וועלכע ברענגט היילונג), — האָב איך געוויס געדאַרפט זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט זייערע הייליגע רייד. און עס האָט שוין געוואָרענט וועגען דעם רבי אליעזר אין פרקי אבות: „והוי זהיר בגחלתן שלא תכוה" (זאָלסט זיך היטען פאַר זייערע קוילען, זאָלסט זיך נישט אָפּבריהען). אָבער איך שטיץ מיך אויף זייער גערעכטיגקייט און גוטסקייט, אַז זיי וועלען מיר מוחל זיין אויף וועלכע נישט פּינקטליכקייט, ווייל איך האָב, חס ושלום, קיין שלעכטע כוונה ניט געהאַט דערביי, נאָר פאַר פעהלערען איז קיינער נישט באַוואָרענט. יעדער מענש קען נישט ווילענדיג פאַרזעהן. דעריבער בעט איך אלע, וואָס וועלען לערנען מיין ספר, זאָלען וועגען יעדען וואָרט מיט אַ גערעכטער וואָג, און מיר אויפמערקזאַם מאַכען אויף די פעהלערען, וועלכע קיינער איז פון זיי נישט ריין.

די לעזער פון מיין ספר בין איך מודיע, אַז דער דאָזיגער ספר מיינע „פּרי ירוחם", איז פול מיט לאָגישע געדאַנקען אין פולען זין פונ׳ם וואָרט, און איך קען וואַגען צו זאָגען, אַז מיין תורה, וואָס איך האָב געלערענט סיי אין הלכה, און סיי אין אגדה, און סיי אין ספרי מוסר, פון אונזערע גרויסע לעהרער, האָב

איך נישט געלערענט חו"ש משפה ולחוץ, דאָס הייסט פאַלש, נישט מיינענדיג אין האַרצען דאָס, וואָס דאָס מויל רעדט, אויף וועלכעס אונזערע חכמים האָבען שוין לאנג אונז געוואָרענט אין מסכת סנהדרין, דף ק"ו, וואו עס ווערט געזאָגט: „אין תורתו של דואג אלא משפה ולחוץ", — אַז דואג'ס תורה איז ניט געווען, ווי עס דאַרף זיין. דערמיט זענען זיי אויסען געווען צו וואָרענען, אַז דער עיקר פון לערנען תורה איז די אי־נערליכקייט, אז דאָס זאָל מאַכען דעם געהעריגען איינדרוק ביים מענש, — דאַן מאַכט איהם די תורה פעהיג צו זיין אַ צדיק און אַ חסיד און א. וו. און פאַר וואָס איז ביי דואג'ן נישט געווען די אַלע מדות, ווייל ער האָט געלערענט משפה ולחוץ, ווייל די תורה ביי איהם איז נישט געקומען פון דער אינערליכקייט, נאָר פון דער אויסערליכקייט. עס געהט אַרום אַ שפּרוך־וואָרט ביי מענשען: אויף אַ מענשען, אויף וועלכען מען זאָגט, אַז ער האָט געלערענט תורה, זאָגט מען: „ער האָט געלערענט תורה, אָבער וואָס האָט איהם די תורה געלערענט". דער עיקר איז אז מען זאָל פון דער תורה אָפּלערנען ווי זיך צו פיהרען. די רייד פון די חז"ל, פון די ראשונים ביז צו די אחרונים, וועלכע זיינען אונז באוואוסט, איז אמת'ע תורה, געבויט אויף שכל און חכמה, וואָס דער חכם מכל אדם האָט שוין לאנג געזאָגט: „החכמה מתת אלקים היא" (די חכמה איז א געשאַנק פון ג־ט). און דער פונדאַמענט פון זייער בנין איז ג־ט'ס תורה. אלע זייערע רייד זענען די רייד פונ'ם

לעבענדיגען ג־ט. די אָנערקענונג און דער געפיהל, וואָס איך פיהל צו זייערע הייליגע רייד, האָבען מיר גע־האָלפען צו געפינען אין זיי פערעל און בריליאַנטען. נישט קיין געוועהנליכע, וועלכע מען קען זיי פאַר־לירען, אָדער צו׳גנב׳ענען, און וועלכע זענען אויך נישט אויף אייביג, נאָר אויף אַ באַגרעניצטער צייט, נאָר אַזעלכע פערעל און בריליאַנטען, וועלכע לייכטען ביז די אייביגע אייביגקייטען, און מען דאַרף זיי נישט האַלטען אונטער אַ שלאָס, מען זאָל זיי נישט צו׳גנב׳ע־נען, אין געגענטייל, דער מענש, וועלכער באַזיצט אַזעלכע טייערע שטיינער, דאַרף זיך באַווייזען מיט זיי אויף דער עפענטליכקייט. און דער, וועלכער באהאלט זיי, זאָגען אויף איהם די חז״ל, אין מסכת סנהדרין, דף צ״ט: „הלומר תורה ואינו מלמדה, זהו דבר ה׳ בזה״ — דער, וועלכער לערענט תורה און לערענט זי נישט מיט אַ צווייטען, הייסט דאָס, אז ער האָט פאַראַכטעט ג־ט׳ס וואָרט. אלזא ליגט אַ חוב אויף יעטוועדען וואָס האָט עפּעס צו שאַפען תורה, מוסר און דברי חכמה, דאַרף מען דאָס געבען דעם צווייטען אויך, און געווים בזכות תורת ישראל וועט אונז העלפען דער אלקי ישראל.

י

## א קאָמוניסטישער שבת

**דער געדאנק** איז ביי מיר געשאַפען געוואָרען ווען
איך בין געווען אין איינע פון די ווייטע
מערב שטעדט אין אמעריקא. איך בין דאָרט געווען
דער גאסט פון א שיינעם אידישען גביר. פרייטיג-צו-
נאַכט, נאָכן עסען, האָט מיר דער בעל הבית פאָרגע-
לייגט צו געהן זעהן די שוהל, וועלכע ער איז איינער
פון איהרע פירערס. איך האָב איהם געפרעגט: וואָס
קען מען זעהן פון אויסענווייניג, ס'איז דאָך שוין אַכט
אזייגער? האָט ער מיר געענטפערט דאָס די שוהל איז
נאָך אָפען, ווייל יעצט קומט פאָר א דאַווענען. ווען
דער עולם קומט פון די ביזנעס, שפעט און איידער זיי
מאַכען זיך גרייט ווערט שוין אַכט אזייגער, קענען זיי
פריער נישט דאווענען. דאַנק איך דעם בעל הבית און
זאָג איהם: איך וויל נישט געהן, איך וויל נישט זיין
ביי דעם דאוונען. זאָגט ער מיר, דאָס איך וועל נישט
אריין געהן אין שוהל אין דאַוונען-צייט, נאָר ווען זיי
וועלען ענדיגען דעם דאַוונען וועל איך אריין געהן. איך
וויל אייך נור ווייזען די גרויסקייט און שיינקייט פון
דער שוהל. איך האָב זיך געלאָזט איבעררייידען און איך
בין מיט איהם געגאַנגען צו דער שוהל. ווען מיר זיינען
געקומען צום שוהל איז שוין דער עולם געגאַנגען פון
שוהל נאָך דעם דאַוונען. אין (פאָליש) פאָרהויז פון

שוהל, האָבען מיר זיך באַגעגענט מיט דעם פּרעזידענט פון שוהל. דער בעל הבית מיינער האָט מיר פאָרגע־שטעלט דעם פּרעזידענט וועלכער איז זייער א אינטע־ליגענטער מענש. ער האָט מיר איינגעלאדען צו בעזוכען די שוהל, ער האָט מיר אלעס פון שוהל ערקלערט. נאָכהער בין איך איינגעלאָדען געוואָרען אַראָפּצוגעהן (דאַון סטעירז), אין אונטערשטען פלאָר, וועלכער דער גאַנצער עולם וואָס איז ארויס פון שוהל זיינען דאָרט אַראָפּגעגאַנגען. אריין קומענדיג דאָרט בין איך זייער באגייסטערט געוואָרען פון דעם גרויסען שעהנעם האָל, פון דעם גרויסען עולם וועלכער איז געזעסען ארום די שיינע סערווירטע טישען וועלכע זיינען געווען גערעקט מיט ווייסע טישטיכער. אויף די טישען איז געשטאַנען לייכטער מיט ליכט, פלעשער וויין, געפלאָכטענע היי־מישע שבת חלות מיט קליינע טישטאכלאך צוגעדעקט, און כמנהג אמעריקא, איז געווען אויף די טישען כל טוב, אפילו געזאָטענע ארבעס. דער עולם האָט גע־מאַכט קידוש, מען האָט פון אלעס טועם געווען, אפילו א גוטע היימישע גלעזעל טיי איז אויך געווען. ביי די טישען האָבען זיך געפונען א ערך פון א זעקס הונדערט לייטע, מענער און פרויען, אלטע און יונגע. צווישען עולם איז געווען א רעכטע ביסעל אינטעליגענץ, ווי לאָיערס, דאָקטוירים א. ז. וו. דער שוהל חזן מיט זייער כאָהר און אויך דער פּובליקום, אלע צוזאַמען האָבען געזונגען שיינע שבתדיגע זמירות. נאָכהער איז ביים טיש פאָרגעקומען פארשיידענע וועלטליכע בעהאַנדלונ־

גען, ספּעציעל אידישע. דער רב פון דער שוהל איז איי-
נער פון די גרעסטע פּערזענליכקייטען אויף אלע גע-
ביטען. אלס גאַסטפריינטליכקייט האָט דער רב פאַר-
געלייגט פאר דעם פּרעזידענט פון עונג שבת מען זאָל
מיר ארויסרופען צו רעדען פאר דעם פּובליקום, ווי דער
מנהג און די עטיקעטע האָט מיר דער רב פארגעשטעלט
אלס א גאסט פון אייראָפּא, און נאָכהער האָב איך
פאָרגעטראָגען מיין רעדע מיט דיזע ווערטער:

**פיעל הויכגעשעצטע פערזאַמלטע, אייגענטליך**
פרייט מיך זייער צו זיין מיט אייך אין אזא
פייערליכע הייליגע שבת'דיגע סביבה. איך בין גליקליך
צו זעהן אין די ווייטע וועסט אמעריקא ווי אונזערע
אידען זיצען זיך פרייטיג-צו-נאַכט ארום די שבת'דיגע
טישען, פייערען דעם הייליגען שבת מיט אלע פּיטשעווו-
קעס, ווייסע טישטיכער, געבענטשטע ליכט, שיינע שלום
עליכם געזאַנגען, קידוש, לחם משנה, און די שיינע
קלאַנגען פון די שבת זמירות. עס רופט זיך מיר ארויס
פון מיין טיפען הארץ צו זאָגען די ווערטער „מה טוב
ומה נעים שבת אחים גם יחד" און לייענען אויף אייך
נישט „שבת אחים גם יחד", נאָר „שבת אחים גם יחד",
ווי גוט און ווי זיס איז צו זעהן דעם ברידערליכען שבת
צוזאמען, איך קען אייך אויסזאָגען דאָס איך האָב אין
אייראָפּא נישט געזעהן אזעלכעס אין קיין שוהל, וואונ-
דערליך שעהן איז אייער קדושת עונג שבת, **נור מיינע
פריינד**, עפּעס טונקעלט זיך מיר אביסעל, עפּעס גנב'עכ

זיך מיר אריין אין דער שמחה אביסעל אומעדיגע גע־
דאנקען, עפּעס איז מיר שווער אויף דעם הארצען,
ברידער, מיר זיינען דאָך היימישע עפּעס מעהר ווי נאָ־
הענטע, איך וועל אייך אויסזאָגען וואָס מיר איז אויף
דעם האַרצען, איך וועל אייך אבער פריהער דערציילען
וואָס מיר איז דאָ אין אמעריקא פאָרגעקומען אלס גרי־
נער.

**איך בין געקומען** אין אמעריקא פאר ימים נוראים,
געוויינטליך בין איך נאָך אויף דעם סוכות
געווען א גרינער, זייענדיג יום טוב סוכות איז א שוהל
אין דער פריה דאַוונען, זעה איך דאָס נאָך דעם דאַוו־
נען איז דער עולם פון שוהל געהט אריין אין א שיינע
געבויטע סוכה לעבען שוהל, און אלע צוזאַמען האָבען
זיך געמאַכט קידוש מיט דער ברכה לישב בסוכה. זע־
הענדיג דיזעס, בין איך באגייסטערט געוואָרען און זיך
זעלבסט געפרעגט די פראגע: רבונו של עולם, וואָס
האָט מען צו די אמעריקאנער אידישקייט, וואָס איז דער
מער וואָס אין אייראָפּא האַלט מען שטענדיג אין איין
רעדען און מורמלען דאָס די אמעריקאנער אידישקייט
הינקט צו אביסעל, מען איז אין אמעריקא נישט גענוג
פרום. מריה דאברהם, טאַטע זיסער, וואָס וויל מען
פון די אמעריקאנער אידען? דוכט זיך אזא שיינע אי־
דישקייט זעהט מען ניט אין גאַנץ פוילען און ליטע, דאָס
אלע אידען צוזאמען זאָלען זיך מאַכען קידוש אין די
סוכות בצבור, מיט אזא פראַכט. איך האָב זיך אין דעם

פארטראַכט און פיעל ארייגגעקלערט ביז וואנען איך האָב זיך ערקונדיגט אז דאָס וואָס די אמעריקאנער אי־דען האָבען אזעלכע שיינע סוכות ביי די שוהלען, איז ווייל זיי האָבען נישט קיין סוכות ביי זיך ביי די הייזער. פּטר'ן זיי זיך מיט דעם, מיט די קהל'שע סוכות ביי די שוהלען, וואָס זיי געהען דאָרט אריין אויף א ווײלע. דאָס זעלבע, מיינע פריינד, האָב איך מורא, דאָס דאָ מיט אייער שיינעם פּרעכטיגען עונג שבת, מיט דער שיינער רעליגיעזער צערעמאָניע, מיט די אלע זאַכען, די ליכט, די טישטיכער, מיט די זמירות, איז עס נאָר דאָ אין שוהל, אָבער נישט ביי אייך אין די הייזער. מיט דער אַלגעמיינער צערעמאָניע דאָ, פּאַטערט איהר אָפּ דעם גאַנצען שבת פון אייערע הייזער. און טאקע דעריבער האָבען אונזערע ברידער אין דער אלטער היים נישט געהאַט קיין שוהל סוכות מיט דעם עונג שבת אין די שוהלען, ווייל זיי האָבען געהאַט יעטוועדער באזונדע־רע סוכות ביי זייערע הייזער, און שבתים ביי זיך אין די שטיבער. אייגענטליך איז נישט צו פארשטעהן די זאך. אייך אמעריקאנער אידען וויים מען דאָס איהר זייט ברוך השם קאַפּיטאַליסטען, איהר זייט געוויס נים געשטימט קאָמוניסטיש, ווי קומט דאָס צו אייך איהר זאָלט אָפּריכטען אייערע שבתים און סכות'ן עפּעס ווי א מין קאָמוניסטישע ארדענונג?!

**אין דער תורה** זיינען מיר פארזאָגט: „ושמרו בני ישראל את השבת", אלע אידען זאָלט

איהר היטען דעם שבת, דאָס מיינט א פאָלקס שבת, אלע צוזאמען, אָבער די תורה זאָגט צום יחיד באזונ־דער: „זכור את יום השבת לקדשו", געדיינק דעם טאָג שבת צו הייליגען. „לא תעשה כל מלאכה", דו זאָלסט נישט טאָהן שבת קיין מלאכה, דאָס זעלבע איז מיט דער מצוה סוכה, זאָגט די תורה צום פאָלק, צום רבים, „בסוכות תשבו שבעת ימים", אין סוכות זאָלט איהר זיצען זיבען טעג, אָבער גלייכצייטיג זאָגט די תורה צו דעם יחיד באזונדער, „כל האזרח בישראל ישבו בסוכות", יעטוועדער איד זאָל זיצען אין סוכה.

**איך ווינש אייך** אין אלעם, אין קאַפּיטאַל, און אין מצוות, רייכטהום; דעם פאָלק, און יעטווע־דען פון אונז באזונדער אויך, און — נישט זיין גע־שטימט צו אונזערע מצוות קאָמוניסטיש!

## מחלוקת און פונאַנדערטיילונג, ווען דער ציעל איז אפילו עפּעס מתקן צו זיין, איז אויך נישט געוואונשען

אין מדרש רבה בראשית פרשה ד׳ ווערט גע־בראַכט: פאַרוואָס שטעהט נישט געשריבען ביים צווייטען טאָג פון בריאת העולם דאָס וואָרט „טוב״? רבי חנינא זאָגט: ווייל אין דעם טאָג ווערט גערעדט וועגען פונאַנדערטיילונג. אין דעם טאָג האָט ג-ט געזאָגט: „ויהי מבדיל בין מים למים״. אויף דעם זאָגט ר׳ טביומי: מה דאָך ביי אַ פונאַנדערטיילונג, וועלכע איז געמאַכט געוואָרען פאַר׳ן תקון העולם ווערט נישט דערמאָנט דאָס וואָרט „טוב״, מכל שכן געווים ביי אַ פונאַנדערטיילונג, וועלכע איז אויסען צו ברענגען אויף דער וועלט אַ צומישונג, פאַסט געווים נישט דאָס וואָרט „טוב״.

דער מדרש נויטיגט זיך נישט אין קיין איבעריגע דרשות און ערקלערונגען. די איינפאַכקייט פונ׳ם מאמר זעלבסט איז פאַר אונז גענוג. ער גיט אונז אַ לעקציע אין הלכות דרך ארץ: זיך צו דערוויי־טערען פון מחלוקת און פונאַנדערטיילונג. און זאָל

אונז דער יצר הרע נישט איינרעדען מאַנכעסמאָהל, אַז דאָס איז אַ מחלוקת לשם מצוה, אַז דאָס וועט ברענגען אַ טובה פאַר דער וועלט. דעריבער איז אונז ר' טביומי מזהיר, זיך צו דערווייטערען אַפילו פון אַזאַ מחלוקת און פונאַנדערטיילונג, וועלכע איהר כונה איז אפילו נאָר לטובת העולם. אויך דאָס וויל די תורה נישט אָנרופען „טוב".

**עס ווערט** געבראַכט בשם הצדיק ר' משה אריה סאָסובער זצ"ל, וועלכער זאָגט: דאָס ביי די תפילות, וועלכע מיר זאָגען מאָנטאָג און דאָנערש־טאָג נאָך קריאת התורה, הויבט זיך אָן יעדער חרוז מיט די ווערטער: „יהי רצון מלפני אבינו"... אויסער דער לעצטער חרוז: „אחינו כל בית ישראל" פאַנגט זיך נישט אָן מיט „יהי רצון". דאָס איז דערפאַר, ווייל ווען מיר זענען אַלע בבחינת אחים, ד. ה.: אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט פיהלען זיך ווי ברידער, דאַרפען מיר נישט מתפלל זיין אויף אַ שעת רצון, ווייל אין דער צייט פון ברידערשאַפט און שלום, איז שוין, ממילא, דאָ אַ שעת רצון. דער אויבענדערמאָנטער מדרש דאַרף אונז דינען אלם וועג־ווייזער, אַז צופיעל סעקטעס און פונאַנדערטיילונגען זענען נישט געוואונשען.

**נאָר מיר** דאַרפען אָבער וויסען, אַז עס איז נישטאָ קיין כלל אהן אַ פּרט. און אַזוי ווי עס איז אַ מצוה זיך צו דערווייטערען, ווי ווייט מעגליך פון

מחלוקת און אָפּזונדערונגען, אַזוי איז צייטענווייז פאַר־האַן אַזאַ אָפּזונדערונג, וועלכע איז זאָגאַר נויטיג און געוואונשען, און מען דאַרף זיך באַמיהען צו מאַכען אַן אָפּעראַציאָן אום אָפּצוטיילען און אָפּצוזונדערען איינס פון דאָס צווייטע. אַזוי ווי מיר געפינען אין דער תורה ביים ערשטען טאָג פון בריאת העולם, איז געשריבען: „ויבדל אלקים בין האור ובין החשך״ (ג־ט האָט אָפּגעזונדערט די ליכט פון דער פינסטערניש). איז, כאָטש דאָ רעדט זיך אויך וועגען אָפּזונדערונג, דאָך איז געשריבען דערביי אין דער תורה דאָס וואָרט „טוב״, דען די תורה זאָגט: אמת טאַקע, אַז מחלוקת און אָפּזונדערונג איז נישט גוט, אָבער ליכט און פינ־סטערניש זענען אַ יוצא מן הכלל, אַן אויסנאַם. דען עס איז אונמעגליך, אַז ליכט און פינסטערניש זאָלען זיין צוזאַמען. אין גענענטייל, דאָס ליכט דאַרף שטענדיג מלחמה האַלטען מיט דאָס פינסטערניש, און עס צו פאַרטרייבען. און וואָס מעהר מען וועט דאָס פאַר־טרייבען, אַלץ גיכער וועט קומען דאָס אַבסאָלוטע גוטס אויף דער וועלט. אַז דאָס ליכט זאָל זיין העל, אָהן פלעקען. און דאָס זעלבע איז אויך די חכמה און די נאַרישקייט, דאָס וויסען און דאָס אונוויסען. אויך זיי קענען נישט זיין צוזאַמען. אַזוי ווי דאָס ליכט און דאָס פינסטערניש, וועלכע זענען צוויי קאָנטראַסטען, און מען קען זיי נישט פאַרגלייכען צו דער אָפּטיילונג פון דאָס וואַסער, ווייל דאָס וואַסער איז פון דער נאַטור איין גאַנצעס.

**אין ספר „אור עולם"** ווערט געבראכט, אין נאמען פונ'ם פארשער מידאל דער פראנצויז, אז דערפאר איז דאס ווארט „מים" שטענדיג אין מספר רבים", אין מעהרצאל, און קיינמאל נישט אין „מספר יחיד", איינצאל, ווייל זיי זענען פאראייניגט און געבונדען צוזאמען. ווען מיר זאלען אפילו נעמען דעם קלענסטען טראפען וואסער, געפינען זיך נאך אלץ אין איהם פיעל מעהרערע חלקים. דאס וואסער קען מען נישט צוטיילען. און דאס זעלבע איז ביי אלע ענינים, וועלכע זענען גלייך צו וואסער און וועלכע קענען לעבען צוזאמען א רוהיגען לעבען, און ס'איז נישטא קיין געגנערשאפט, איינס צום צווייטען. און דעריבער, ווען מען צוטיילט און מען זונדערט אפ איינס פון צווייטען, קען מען דערביי נים זאגען כי טוב. אז איז גוט.

**דאס**, וועלכעס מיר לערנען פון דעם מאמר, דארף אונז דינען אלס ליכט-זייל, וועלכער זאל אונז לייכטען אום צו וויסען און צו פארשטעהן, וועמען צו דערנעהענטערען און וועמען צו דערווייטערען. יעדער איינער לויט זיין ענין, און וואס איז נוגע אונזער פאלק, דארפען מיר צו וויסען, אז מיר זענען קינדער פון איין פאטער, און דאס איז דער סוד פון אונזער גאולה. ענליכעס צו דעם געפינען מיר אין מדרש רבה ויחי: בעת יעקב אבינו האט געזאגט צו זיינען זיהן: האספו ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם באחרית הימים" — האט ער צו זיי געזאגט: אפשר איז ביי אייך אין האר-

צען פאַרהאַן וועלכע עס איז מחלוקת מיט ג־ט? האָבען זיי איהם געענטפערט: אַזוי ווי עס איז ביי דיר אין הארצען נישט פאַרהאַן קיין מחלוקת מיט ג־ט, אַזוי איז אויך ביי אונז נישט פאַרהאַן. נאָר „שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד״. אונזער פאָטער יעקב האָט אויפמערקזאַם געמאַכט די זין אויף אחדות און שלום, ניט זיין צוטיילט, נאָר אַלע זאָלען זיי זיין, ווי איין גאַנצעס, און זיי האָבען אויף דעם געענטפערט אַלע אין איינעם: „אחד״, דאָס הייסט, מיר וועלען זיך נישט צוטיילען. „קודשא בריך הוא ואורייתא וישראל חד הוא״. דאָס הייסט: ג־ט, די תורה און ישראל זענען איינס. „ואין כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום״, נישטאָ אַזאַ זאַך וואָס זאָל ברענגען ברכה פאַר אידען, ווי דער שלום. לאָמיר נישט שאַפען קיין מחלוקת און צוטיילונגען צווישען אונז, וועט דאַן אויף אונז חל זיין „וירא אלקים כי טוב״.

## אַ שטרייט צווישען חסד מיט'ן אמת

**אין מדרש רבה בראשית** פרשה ח' ווערט גע־בראַכט: רבי סימון האָט געזאָגט, דאָס ווען דער אויבערשטער איז געקומען באַשאַפען אדם הראשונ'ען, זענען די מלאכים געוואָרען סעקטעס און פּאַרטייען. איינע פון זיי האָבען געזאָגט: מען זאָל נישט באַשאַפען דעם מענשען, און איינע פון זיי האָבען געזאָגט, מען זאָל יע באַשאַפען. דאָס שרייבט דער פסוק אין תהלים פ"ה: „חסד ואמת נפגשו, צדק ושלום נשקו". חסד מיט'ן אמת האָבען זיך באַגעגענט, צדק מיט שלום האָבען זיך באַוואָפענט. חסד האָט געזאָגט, מען זאָל באַשאַפען דעם מענש, ווייל ער איז אַ גומל חסד, און אמת האָט געזאָגט, מען זאָל נישט באַשאַפען דעם מענש, ווייל ער איז אַ ליגנער. צדק האָט געזאָגט, מען זאָל באַשאַפען דעם מענש, ווייל ער האָט ליעב צו טאָן צדק, און שלום האָט געזאָגט, מען זאָל נישט באַשאַפען דעם מענש, ווייל ער איז אַ גרויסער בעל מחלקה. וואָס האָט ג־ט געטאָן? האָט ער אמת'ן אַראָפּגעוואָרפען אויף דער ערד, ווי אין דניאל ח' איז געשריבען: „ותשלך אמת ארצה", — האָסט אַראָפּגעוואָרפען דעם אמת אויף דער ערד. האָבען די מלאכים גע'טענה'ט פאַר'ן אויבערשטען: רבונו של

עולם, וואָס באַליידיגסטו דיין חתימה? האָט ער דעם אמת אויפגעהויבען פון דער ערד, ווי אין תהלים פ"ה איז געשריבען: „אמת מארץ תצמח" — דער אמת האָט אַרויסגעשפּראָצט פון דער ערד. דער מדרש איז באַגרינדעט אויף דעם פּסוק: „ויאמר אלקים נעשה אדם בצלמנו כדמותנו" — דאָס ג-ט האָט זיך מישב געווען מיט די מלאכים וועגען באַשאַפען דעם מענשען.

## די העפליכקייט, אַז די גרויסע זאָלען זיך באַראַטען מיט די קליינע

**אין מסכת סנהדרין,** דף ל"ח ווערט געבראכט: דאָס די אפּיקורסים ברענגען אַ ראיה פון דעם פּסוק: „ויאמר אלקים נעשה אדם" — דאָס די מלאכים האָבען אַנ'אַנטייל גענומען אין דער באַשאַפונג פון דעם מענשען, און עס ווערט דאָרט אין דער גמרא געבראַכט, אַז די תשובה, דעם ענטפער אויף דעם געפינט זיך באַלד אין צווייטען פּסוק: „ויברא אלקים את האדם". זעהען מיר דאָך, אַז ג-ט אַליין האָט באַשאַפען דעם מענשען, אָהן דער באַטייליגונג פון די מלאכים און אָהן זייער הילף. און דאָס, וואָס ג-ט האָט געזאָגט צו זיי: נעשה, וואָס דאָס באַדייט, דאָס מיר צוזאַמען זאָלען מאַכען, — געפינט מען אויף דעם אַנ'ענטפער אינ'ם „תורה תמימה", דאָס וויל ס'איז

די העפליכקייט פון כבוד און גדולה, און אזוי איז אויך ביי די ערדישע מלוכות.

**מיין מיינונג אין דעם איז:** אז דער רבונו של עולם האט אונז געלערענט דערמיט דרך ארץ און טאקט: אז אויב א מענש וויל עפעס טאן, סיי אין זיינע פריוואטע אינטערעסען, סיי אין געזעל־שאפטליכע אינטערעסען, זאל ער נישט טאן „על דעת עצמו", אויף זיין אייגענעם שכל, אהן צו בּאראטען זיך מיט זיינע פארטרויאונגס־מענשען, אבוואהל ער שטעהט העכער פון זיי, סיי אין „כמות", מאטעריעליש, סיי אין "איכות", גייסטיג, און האט די מעגליכקייט און רשות צו טאן די זאך אהן זייער הסכמה. דאך דארף ער זיך מיט זיי בּאראטען. דען ווער איז נאך גרעסער און מעכטיגער ווי ג־ט. פונדעסטוועגען, אז ער האט געוואלט בּאשאפען דעם מענשען, האט ער פארגעלייגט די זאך פאר זיינע משרתים, די מלאכים, כדי אויסצו־הערען זייער מיינונג אין דעם. און דערמיט האט ער אונז געלערענט זיך צו האלטען ביי דעם כלל: נישט צו זיין קיין „דן יחידי", טאן אליין ביי יעדער זאך, וועלכע מען קען זיך בּאראטען מיט אנדערע מענשען.

# דאָס גאַנצע שאַפונג און אַלע באַשעפענישען זענען דאָ אין מענשען

פּאַרוואָס האָט ג-ט געמאַכט אַ שינוי ביים באַשאַפען דעם מענשען, ווי ביי די איבעריגע „ברואים", באַשעפענישען. ביי אַלע באַשעפענישען, ווי: די זון, די לבנה, די שטערען, הימעל און ערד, ימים, פיש, חיות, בהמות און עופות. זיי אַלע האָט ג-ט באַשאַפען, אָהן שום באַראַטונג מיט די מלאכים, צי זאָל ער זיי באַשאַפען, אָדער נישט, נור אַזוי ווי עס איז איהם אַרויף אויפ'ן געדאַנק, אַזוי האָט ער זיי גלייך באַשאַפען. ער האָט געזאָגט, און עס איז געוואָרען. ביי יעדער בריאה איז געשריבען: „ויאמר אלקים יהי", ג-ט האָט געזאָגט, עס זאָל זיין. אַזוי ביי אַלע, פון קליין ביז גרוים, האָט ער זיך נישט באראטען מיט די מלאכים, נור ביי דער שאפונג פון דעם מענש, האָט ער נישט באַשלאָסען אַליין, נאָר זיך באַראַטען מיט די מלאכים. אויך דאָס דאַרף מען פאַרשטעהן: ווי קומט עס, אַז די מלאכים זאָלען מקטרג זיין און פּראָטעס-טירען געגען דאָס באַשאַפען פון מענש? מיט וואָס האָט ביי זיי דער מענש אויסגעזעהן נידעריגער פון די איבעריגע ברואים, וואָס זיי האָבען געזאָגט: „מה אנוש כי תזכרנו ובן אדם כי תפקדנו?" דער מדרש

אין בראשית זאָגט: אַז די מלאכים האָבען פשוט גע־
טענה'ט: צו וואָס דאַרף מען די צרה אויף דער וועלט?
וואָס פאַר אַ פעהלער און צרה האָבען דאָס די קערפּער־
לאָזע מלאכים, אָהן פניות, געפונען אין דער באַשאַפונג
פון דעם מענש?

**ווענען דעם קען מען זאָגען**: אַז די באַשאַפונג
פון דעם מענש איז געווען פיעל שווערער פון
אַלע באַשעפענישען. מחמת אַלע באַשעפענישען, האָט
יעדער איינער פון זיי אַן אַנדער נאַטור, אַ באַזונדער
כאַראַקטער, וואָס איז ניט גלייך איינס צום צווייטען.
אַלע זענען זיי איינהייטליך און קענען זיך נישט פאַר־
ביימען: למשל, דער לייב איז נישט קיין שעפּס, און
פאַרקערט: די שעפּס איז נישט קיין לייב. און אַזוי
ווייטער. יעדער איינער האָט זיך זיין כאַראַקטער,
אָבער דער מענש איז נישט אַזוי. ער איז אַ „בריה
בפני עצמו", אַנ'אויסנאַמע באַשעפעניש, וואָס אַלץ
געפינט זיך אין איהם. אינ'ם מענשען זענען די אַלע
באַשעפענישען מיט זייערע קאָנטראַסטען: פייער,
וואַסער, אַ לייב, אַ טיגער, אַ הונט, אַ וואָלף און אַ קאַץ.
אויך אַ שעפּס, אַ האָז און אַ טויב, און נאָך מינים. דער
מענש איז פשוט אַ מין תערובות, אַ צונויפמישונג,
צייטענווייז זעהען מיר דעם מענש אין אַ שוצלאָזען
געשטאַלט, ממש ווי אַ שעפּסעלע, ווי אַנ'אומשולדיג
טייבעלע. און אין דער זעלבער מינוט זעהען מיר, אַז
דאָס שעפּסעלע איז אין אַ וואָלף פאַרוואַנדעלט געוואָ־

רען. דאָס אומשולדיגע טייבעלע — אין אַ כיטרען פוקס. צייטענווייז, איז ער קאַלט, ווי אייז, און צייטענווייז ווידער, ברענט ער, ווי אַ פייער. אום צו באַשאַפען אַזאַ באַשעפעניש, וועלכע באַווייזט זיך אין פאַרשידענע געשטאַלטען, ווי דער מענש, וועלכער שטעלט מיט זיך פאַר גאָר אַ נייעם טיפ, אינגאַנצען אַנדערש פון די איבעריגע באַשעפענישען, האָט ג-ט זיך באַראַטען מיט די מלאכים: אויב עס לויענט צו באַשאַפען די דאָזיגע מאָדנע באַשעפעניש, וועלכע איז כולל אין זיך אַלע באַשעפענישען.

ווען ג-ט האָט פאַרגעלייגט דעם ענין פאַר די מלאכים, מפני הכבוד, אַז זיי זאָלען אַרויסזאָגען זייער מיינונג, אַזוי ווי עס פיהרט זיך ביי אַלע פאַר־זאַמלונגען, ווען דער פאָרזיצענדער לייגט פאָר פאַר די פאַרזאַמעלטע וועלכען עס איז פאָרשלאַג. עס קען זיין זאָגאַר, אַז דער פאָרשלאַג איז אַנ׳ערליכער און אַ ריכטיגער. אויך דער פאָרזיצער נויטיגט זיך גאָר נישט אין דער עצה פון דער פאַרזאַמלונג, און ער אַליין קען פאַרווירקליכען זיין פאָרשלאַג, און דאָס וואָס ער פרעגט זייער מיינונג איז נאָר אוים העפליכקייט. פונדעסטוועגען בלאָזען זיך די פאַרזאַמעלטע, און הויבען אָן צו ווייזען זייער חכמה, און גרויסקייט, און קריטיק געגען דעם פאָרשלאַג. דאָס זעלבע איז אויך געווען ביי דער באַשאַפונג פון דעם מענש, ווען די מלאכים האָבען געזעהן, אַז ג-ט לייגט פאָר דעם ענין פאר זיי, צו הע־רען זייער מיינונג אין דעם, ובפרט, אַז עס זענען דאָ

מאָטיווען צו זיין געגען. האָבען באַלד די פמליא של מעלה אָנגעהויבען צו פיהרען אונטערהאַנדלונגען וועגען דעם. און אַזוי ווי דער שטייגער איז ביי אַלע באַראַטונגען, וואו די פאַרשידענע סעקטען און פאַרטייען צוטיילען זיך, וואָס איינע בויט, צושטערט די צווייטע, וואָס איינע איז מתיר, אסר'ט די צווייטע, און וואָס איינע איז מחייב, איז די צווייטע מזכה, — אַזוי האָבען זיך אויך די מלאכים צוטיילט אין סעקטען און פאַרטייען. אַ טייל פון זיי האָבען זיך אַרויסגעזאָגט פאַר, און אַ טייל פון זיי — געגען דער באַשאַפונג פון דעם מענש, לויט ווי ג-ט האָט פאַר זיי פאָרגעשטעלט דעם מענש, זיין כאַראַקטער און אייגענשאַפט, — האָבען די מלאכים געוואוסט, ווי אונטערצוהאַנדלען אין דער זאַך. דער פאָרשטעהער פון חסד האָט געזאָגט, אַז דער מענש זאָל יאָ באַשאַפען ווערען, ווייל ער, דער מענש, געהער צו זיין פאַרטיי, ווייל דער מענש איז פון זיין נאַטור אַ גומל חסדים: גיט ברויט דעם הונגעריגען, באַקליידט דעם נאַקעטען, איז מבקר חולים און באַגראָבט טויטע, און אין אַלגעמיין איז ער בלויז חסד. און דער מלאך, דער פאָרשטעהער פונ'ם אמת, האָט געזאָגט: דער מענש זאָל נישט באַשאַפען ווערען, ווייל ער איז בלויז „שקר", ליגען, און דער מקור פון אַלע זיינע חסדים און טובות איז נאָר שקר. פון גבאי ביז צום שמש, פון ראש הקהל ביז צום בעדער, סיי דער מוכר, סיי דער קונה — איז דורכאוים שקר. דער פאָרשטעהער פון דער פאַרטיי צדק

האָט געזאָגט: אַז עס לויעגט צו באַשאַפען דעם מענש, ווייל פון זיין נאַטור איז ער פול מיט צדקות. בויט יתומים-הייזער, אויך מושב-זקנים'ס. ערנערט און שפייזט הונגעריגע. דער פאַרשטייער פון שלום האָט געזאָגט: ער זאָל נישט באַשאַפען ווערען, ווייל ער איז בלויז קריעג און מחלוקת, די אַלע הייזער פון חסד און צדקה, וועלכע דער מענש בויט, זענען פול מיט קריגע־ריי און מחלוקת. ביי יעדע צוויי מענשען וועסטו גע־פינען דריי מיינונגען. יעדער איינער זוכט נור צו טאָן פאַרקערט פון דעם, וואָס דער צווייטער וויל. אָבער אַזוי ווי ג-ט האָט דאָך אָבער יאָ געוואָלט באַשאַפען דעם מענש: דען ג-ט'ס מחשבה אַליין איז דאָך שוין אַ טהאַט, און דאָס באַשאַפונג פון דעם מענש איז שוין לאַנג געווען באַשלאָסען. וואָס האָט ג-ט געטאָן, אַז די הימל'שע באַראַטונג צוטיילט זיך אויף צוויי מיי־נונגען? האָט ער גענומען דעם אמת און איהם אַראָפּ־געוואָרפען אויף דער ערד, אַזוי ווי עס פיהרט זיך ביי אַלע רעגירונגס-באַראַטונגען, אויב די רעגירונג טראָגט אַריין אַ פאָרשלאַג, און זי זעהט, אַז דער לינקער פלי־געל שטעהט פעסט געגען דעם פאָרשלאַג, דאַן געפינט דער רעגירונגס-שעף אַ פאָליטישען מיטעל: ער דער־בייזערט דעם לינקען פליגעל, כדי ער זאָל זיך אָפּהאַל־טען צו נעמען אַנ'אָנטייל אין דער אונטערהאַנדלונג פון דעם פאָרשלאַג, און אַזוי אַרום באַקומט די רעגירונג אויף איהר זייט אַ מעהרהייט. און אַזוי האָט אויך ג-ט געטאָן. ער האָט אַראָפּגעוואָרפען דעם אמת אויף דער

ערד. איז געבליבען פון דעם לינקען פליגעל נאָר „שלום" אליין, און אין דעם רעכטען פליגעל איז געווען צוויי, נעמליך: חסד און צדק. און אַזוי אַרום האָט די מעהרהייט איבערגעוואויגען, און דער מענש איז באַשאַפען געוואָרען.

**האָבען די מלאכים** געזאָגט צו ג־ט: רבון העולמים, פאַרוואָס ביסטו מבזה דיין חותם? און אַזוי ווי עס פיהרט זיך ביי די ערדישע רעגירונגען, ווען די רעגירונג באַליידיגט דעם לינקען פליגעל, טרעטען אַרויס די לינקע צייטונגען מיט פראָטעסטען געגען דער רעגירונג, אויף איהר גרינגשעצנדע אויפפיהרונג בנוגע דעם לינקען פליגעל, געפינט דאַן די רעגירונג אַ פּאָליטישען אויסוועג מיט עפּעס „מפים" צו זיין, איבערבעטען די לינקע. אָבער דאָס וואָס איז שוין געשעהען, איז נישט צו ענדערען. און דער באַשלוס פון דער רעגירונג ווערט פאַרווירקליכט. — אַזוי איז אויך ביי דער פמליא של מעלה. אייניגע זענען אַרויס מיט פראָטעסטען געגען דעם וואָס דער אמת איז באַליידיגט געוואָרען, מיט דעם, וואָס ער איז אַראָפּגעוואָרפען געוואָרען אויף דער ערד, — האָט ג־ט צוריק דעם אמת אַרויסגענומען פון דער ערד. דעם אמת האָט ער מפים געווען, אָבער דער פאָרשלאָג צו באַשאַפען דעם מענשען איז שוין באַשלאָסען געוואָרען אין דער הימעלשער באַראַטונגס־הויז מיט אַ מעהרהייט. און אַזוי איז דער מענש באַשאַפען געוואָרען.

## דער אמת ווערט אפגעשטופט פאר'ן שלום

**פארוואס** איז געפאלען דער גורל דוקא אויפ'ן אמת
ארפגעווארפען צו ווערען אויף דער ערד,
און ניט דער שלום, וועלכער איז דאך אויך געווען געגען
דער באשאפונג פון דעם מענש? נאר דערמיט לערענט
אונז דער רבונו של עולם: אויב מיר זענען גענויט
מדחה צו זיין איינעם פון די צוויי, היינו: דעם אמת,
אדער דעם שלום, — איז גלייכער מדחה צו זיין דעם
אמת, דען דאס לעבען אהן דעם שלום, איז נישט מעג-
ליך. און דעם כלל האבען מיר געלערענט פון דעם,
וואס מיר געפינען אין גמרא מסכת בבא מציעא, דף
פ"ז: „תנא דבי רבי ישמעאל: גדול השלום, שאפילו
הקדוש ברוך הוא שינה בו". דאס הייסט: ווי גרויס
און וויכטיג דעם שלום איז, אז אפילו ג-ט אליין האט
געפונען פאר נויטיג צו ענדערען דער מוטער שרה'ס
רייד. אין פסוק איז געשריבען: „ותצחק שרה בקרבה
לאמר, אחרי בלותי היתה לי עדנה ואדוני זקן". און
ווען ג-ט האט אויסגערעדט אברהמ'ען, האט ער גע-
ענדערט און געזאגט: „ואני זקנתי", דאס אז שרה
האט נישט געזאגט, דאס אברהם איז אלט, נור זי
האט געזאגט אויף זיך, אז זי אלט. צוליב'ן שלום, האט
הקב"ה נישט געזאגט ריכטיג, ווי שרה האט געזאגט.

דער אמת איז טאַקע דער חותם פון ג־ט, אָבער באַנוצען זיך מיט איהם אָהן פאָרזיכטיגקייט, איז געפעהרליך. דעריבער רופט זיך דער אמת מיט׳ן נאָמען „חותמו של הקב״ה״, ג־ט׳ס זיגעל, ווייל נישט צו יעדע זאַך, און נישט שטענדיג באַנוצט מען דעם זיגעל, און אויך נישט יעדען מענשען טרויט מען אָן דעם זיגעל. און מיט׳ן אמת דאַרף מען זיין פאָרזיכטיג, ווי און ווען זיך צו באַנוצען מיט איהם. און נאָר אויסגעוועהנליכע מענשען ווייסען, ווי זיך צו באַנוצען מיט איהם. אָבער ווען יעדער איינפאַכער מענש וויל זיך באַנוצען מיט׳ן אמת, דאַן דראָהט אַ געפאַהר. דען אין פיעל פאַלען איז דער אמת גאָר נישט דער אַבסאָלוטער אמת, נאָר לטובת דעם באַנוצער. און אין נאָמען פון אמת, קעמפט ער און צושטערט דעם שלום, און מאַכט אַן מחלוקת ביי אידען, חס ושלום, עס איז שוין אַמאָל געווען אין דער אידישער געשיכטע אַ מענש מיט׳ן נאָמען קרח, וועלכער האָט געזוכט דעם אמת, מיט אַ גלאַטען צונג האָבען געטענה׳ט ער און זיין קאָמפּאַניע געגען משה און אהרן: „רב לכם כי כל העדה כולם קדושים ומדוע תתנשאו על קהל ה׳״. דער מדרש רבה אין פרשת קרח רעדט ברייט אַרום די טענות פון קרח, ווי ער האָט געשילדערט דעם רויב און געוואַלט־טהאָט, וואָס איז געטאָן געוואָרען דורך אהרן הכהן צו אַנ׳אלמנה, וועלכע האָט געוואוינט מיט איהם אין שכנות, וואָס אהרן הכהן האָט נאָר געהאַלטען אין איין נעמען פון דער אלמנה. דאַ „ראשית הגז״, דאַ דעם „בכור״, אַ

ז. וו. אַלע טענות פון קרח'ן זענען געווען, אַז ער זוכט דעם אמת. אבער דער אמת איז געווען נור זיין אייגע־נער אמת, און נישט דער אַבסאָלוטער אמת. און דערמיט האָט ער געבראַכט אַ פייער פון מחלוקת, און עס איז אויסגעבראָכען אַ מגפה צווישען אידען. קרח און זיין קאָמפּאַניע איז געבליבען אַלס שרעק־סימבאָל און מחלוקת־סימבאָל. און די תורה האָט אונז געוואָרענט: „ולא יהיה כקרח ועדתו”, נישט צו זיין, ווי קרח און זיין קאָמפּאַניע. ווער עס ברענגט צו מחלוקת, איז עובר אויף דעם איסור: ולא יהיה כקרח ועדתו. קרח און זיין עדה זענען איינגעזונקען געוואָרען אין דער ערד, כדי צו ווייזען דערמיט, אַז די בעלי המחלוקת אויף משה מיט אהרנ'ען, וועלכע האָבען מכלומרש'ט געזוכט דעם אמת לויט זייער איבערבליק, איז קיין אַנדער אָרט פאַר זיי נישטאָ, ווי נאָר אין דער ערד. און ווייל בשעת דער באַשאַפונג פונ'ם מענש האָט ג־ט אַראָפּגעוואָרפען דעם אמת אין דער ערד, דעריבער האָט מען געשיקט קרח'ן מיט זיין עדה אין דער ערד צו זוכען דעם אמת, און דאָרטען וועלען זיי זיך שוין דערוויסען, צי זייער אמת איז דער ריכ־טיגער.

**וועגען דעם** ווערט געבראַכט אין מסכת בבא בתרא, דף ע"ד, אַ ספור פון רבה בר בר חנה: אַז ווער האָט איהם געוויזען די איינגעזונקענע פון קרח'ן, האָט ער געהערט, ווי זיי האָבען געזאָגט: „משה אמת

ותורתו אמת ואנו בדאין", — משה און די תורה איז אמת, און מיר זענען געווען ליגנער'ס. דער אמת, וועלכער פאַרמעהרט מחלוקת ביי אידען אויף משה רבינו און דער תורה, — איז אַ פאַלשער אמת. וואָס איז געדרונגען פון דעם? קודם כל: צו זיין פאַרזיכטיג און זיך האַלטען ביים שלום און אויך צו זיין פאַרזיכטיג מיט'ן אמת, צי דאָס איז דער ריכטיגער, אַבסאָלוטער אמת פון דער תורה, און צי ער וועט חס ושלום נישט ברענגען צו מחלוקת. ה' עוז לעמו יתן, ה' יברך את עמו בשלום.

**איך האָב געהערט** דערצעהלען אין נאָמען פון הגאון הגדול ר' אלכסנדר משה לפידות ז"ל ראַסיינער רב פאַרוואָס ג־ט האָט אַראָפּגעוואָרפען דעם אמת און נישט דעם שלום: ווייל ווען ער וואָלט אַראָפּגעוואָרפען דעם שלום און איבערגעלאָזט דעם אמת, וואָלט דער מענש נישט באַשאַפען געוואָרען, אַבוואָהל עס וואָלט געבליבען אַ „רוב דעות", אַ מעהרהייט איהם צו באַשאַפען. אָבער די מעהרהייט וואָלט אויך נישט געווען דער אַבסאָלוטער אמת, ווייל די געננערישע מינדערהייט איז געבליבען, און דער אמת איז דאָך געבליבען אין דער מינדערהייט, דאַן וואָלט דער מענש נישט באַשאַפען געוואָרען. דעריבער איז געווען אַנויטווענדיגקייט אַראָפּצו־וואַרפען דעם אמת.

# א שלאָפענדער קען קיין קדוש נישט זיין

**אין מדרש רבה בראשית פרשה ח׳**: אמר רבי הושעיה: ר׳ הושעיה האָט געזאָגט: דאָס ווען ג׳ האָט באַשאַפען אדם הראשונ׳ען האָבען זיך די מלאכים טועה געווען און האָבען געוואָלט זאָגען פאַר איהם „קדוש״. וואָס האָט ג־ט געטאָן? ער האָט ארויפ־געוואָרפען אויף איהם א שטאַרקען שלאָף, ווי אין פסוק איז געשריבען: „ויפל אלקים תרדמה על האדם ויישן״. האָבען שוין אַלע געוואוסט, אַז דאָס איז אַ מענש. אָט דאָס מיינט דער פסוק אין ישעיה קאַפּיטעל ב׳: „חדלו לכם מן האדם אשר נשמה באפו כי במה נחשב הוא״. דאָס הייסט: לייגט נישט צופיעל אַכט אויף דעם מענ־שען, אַבוואָהל ער באַזיצט אַ נשמה, דאָך האָט ער קיין ווערדע נישט. די ווערטער פון דעם מדרש איז אונז פאַרשטענדליך, פאַרוואָס די מלאכים האָבען אַ טעות געהאַט און געוואָלט זאָגען קדוש פאַר דעם מענש. ווייל באמת איז דער מענש ווערט מען זאָל פאַר איהם זאָגען קדוש, דען ווען מיר זאָלען זיך גוט באַטראַכטען, וואָס איז אַזוינס דער מענש, וואָס איז זיין וועזען און אייגענשאַפט, וועלען מיר זיך נישט וואונדערען אויף די מלאכים, וואָס האָבען געוואָלט זאָגען קדוש פאַר איהם. אין מסכת בבא בתרא, דף ע״ה, ווערט געבראַכט:

„אמר רבי אלעזר: עתידין צדיקים שאומרין לפניהן קדוש כדרך שאומרין לפני הקב"ה". דאָס הייסט: ר' אלעזר זאָגט: דאָס עס וועט קומען אַ צייט, וואָס מען וועט זאָגען פאַר די צדיקים קדוש, אַזוי ווי מען זאָגט פאַר ג־ט.

## אייגענטליך וואָס איז אַזוינס מענש?

**געוויס**, ווען מיר וועלען שטעלען די פראַגע אַ פראָסטען מענשען: „וואָס איז אַזוינס דער מענש"? וועט זיין ענטפער זיין אַזאַ: אַזוי ווי עס געפינען זיך אויף דער וועלט פאַרשידענע מאַטעריאַלען, ווי צום ביישפיעל: ערד, וואַסער, אייזען און אַזוי ווייטער, אַזוי איז פאַראַן נאָך איין מאַטעריאַל, וועלכער רופט זיך מענש. דער מענש איז צוזאַמענגעזעצט פון פאַרשידענע גלידער. איין גרויסע שטיק, וועלכע הייסט קערפער, „גוף". אינ'ם קערפער געפינען זיך: אַ בויך, געדערים, אַ מאַגען, אַ ברוסט, אַ האַרץ, נירען, ריפען, זייטען, אַקסלען, אַ רוקען, אַ שדרה. דער קערפער שטעהט אויף צוויי סטאָלבעס, פלייש־קלעצער, וועלכע הייסען פיס. פון ביידע זייטען קערפער, אין דער הויך, געהען אַרויס צוויי לאַפּאַטעס, וועלכע הייסען הענט. אויפ'ן קערפער, אין דער הויך, ליגט אַ קיילעכדיגע שיסעל, וועלכע הייסט: „קאָפּ". אין דער שיסעל

פון פאַרענט געפינען זיך צוויי גלעזלעך, וועלכע היי-
סען: „אויגען”, מיט וועלכע דער מענש זעהט אַלץ.
אין דער שיסעל געפינט זיך אַ לאַנגער שפּאַלט, וועלכער
רופט זיך: „מויל”. מיט זיינע אויגען זעהט ער אַלץ,
און מיט האַרץ גלוסט ער, און מיט די הענט שלעפּט
ער צו זיך אַלץ, וואָס ער זעהט און גלוסט, און וואַרפט
עס אַריין אין דעם שפּאַלט, וואָס אין שיסעל, און פון
דאָרט געהט עס אַראָפּ אין מאָגען אַריין, און דאָס איז
דער סך הכל פון דער באַשעפעניש, וועלכע רופט זיך
מענש, לויט דעם באַגריף פון דעם פּראָסטען מענשען.

אָבער די תשובה באַפרידיגט אונז נישט, דען ווען מיר
באַטראַכטען זיך גוט, זעהען מיר: אַז נישט
דאָס איז דער מענש! דען מיר זעהען דאָך מיט אונזערע
אויגען, אַז ווען מען באַגראָבט אַ טויטען מענשען, איז
קיין שום ענדערונג נישט געקומען אינ'ם צוזאַמענשטעל
פון מענשליכען קערפּער, אַלץ איז געבליבען ווי געווען,
אין דער זעלבער אָרדנונג, ווי בשעת ער האָט געלעבט,
דאָס גרויסע שטיק קערפּער מיט'ן בויך, די האַרץ און
די ברוסט און אַזוי ווייטער, די צוויי פלייש-זיילען, די
צוויי לאָפּאַטעס, די שיסעל מיט די גלעזלעך. און מיר
פרעגען זיך אַליין: צו וואָס באַגראָבט מען דעם מענש?
איז ער נישט קיין מענש מיט אַלע פּרטים? ווי אַלע
לעבעדיגע מענשען? וואָס פאַר אַ פעהלער האָבען מיר
אין איהם געפונען, וואָס מיר נעמען איהם אַרויס פון
זיין שטוב, פון זיין נחלה, און פיהרען איהם אַוועק אין

קבר? אָבער נאָך אַ גרינדליכער באַטראַכטונג, זעהען מיר, אַז מיר זענען געצווּנגען איהם צו באַגראָבען, ווייל ער קען שוין מעהר נישט זיין מיט אונז צוזאַמען. און עס פרעגט זיך אַ פראַגע, וואָס האָט דאַ געטראָפען מיט איהם, וואָס מיר מוזען איהם באַגראָבען? אַלץ איז דאָך ביי איהם, ווי ביי אַ לעבעדיגען, מיט וואָס איז ער דאָס אַנדערש געוואָרען? דער ענטפער איז: אין „כמות", קערפּערליך פון דעם מענשען, זעהען מיר טאַקע נישט קיין אונטערשיעד, אָבער נאָך אַ טיעפער באַטראַכטונג דערוויסען מיר זיך, אַז אין מענשליכען קערפּער געפינט זיך אַ נשמה, איז כל זמן די נשמה געפינט זיך אין איהם, רופט ער זיך אַ לעבעדיגער מענש, און אַז די נשמה געהט אַרויס פון קערפּער, בלייבט איבער דער קערפּער אַ שטיק פלייש, וועלכע נוצט שוין צו גאָרנישט, און די קבורה אַלזאָ איז אַ נויט־ווענדיגקייט. און אויב עמיצער וועט פרעגען: פאַר־וואָס זעהען מיר נישט די נשמה, ווען זי איז אין קער־פּער, און מיר זעהען זי אויך נישט, ווען זי פאַרלאָזט דעם קערפּער? דאָס איז איינפאַך. ווייל די נשמה איז אַ גייסטליכעס וועזען. אַזוי ווי דער מאמר פון זוהר הקדוש אויף דעם פסוק: „ויפח באפיו נשמת חיים" (ער האָט אַריינגעבלאָזען אין זיינע נאָז־לעכער אַ נשמה אַ לעבעדיגע). „מאן דנפח מדליה נפח" (דער וואָס בלאָזט אַריין, בלאָזט אַריין פון זיך זעלבסט). דאָס איז פאַרשטענדליך. למשל: ווען מען בלאָזט אָן אַ באַלאָן, ווערט ער אָנגעבלאָזען, לויט דעם כח און קראַפט פון

דעם בלאָזער׳ס אָטעם. אויב דער בלאָזער איז אַ שוואַ־כער מענש און האָט נישט אַזויפיעל קראַפט אָנצו־בלאָזען דעם באַלאָן, ממילא איז דער באַלאָן שוואַכער אָנגעבלאָזען, און אויב דער בלאָזער איז אַ קרעפטיגער מענש, וועלכער באַזיצט אַ שטאַרקע קראַפט, ממילא איז דער באַלאָן שטאַרקער אָנגעבלאָזען. דעריבער, ווען ג־ט האָט אַריינגעבלאָזען אין דעם מענשען, האָט ער אַריינגעבלאָזען לויט דער געטליכקייט. לויט דעם איז אונז פאַרשטענדליך, אַז די נשמה פון מענש איז אַ „חלק אלקה ממעל", אַ טייל פון ג־ט אַליין, און דעריבער קען קיין פראַגע נישט זיין, פאַרוואָס זעהען מיר נישט די נשמה. דען אַזוי ווי מיר קענען נישט זעהן ג־ט, ווי עס איז געשריבען אין דער תורה: „כי לא יראני אדם וחי". אַז קיין לעבעדיגער מענש, קען מיר, ג־ט, נישט זעהן. אזוי איז, זעלבסטפארשטענדליך, נישט מעגליך צו זעהן די נשמה, וועלכע איז אַ טייל פון ג־ט. און עס איז אַ פשוט׳ער שכל, פאַרוואָס מיר קענען נישט זעהן ג־ט, ווייל מיר באַזיצען נישט די הימעל׳שע חושים צו זעהן דאָס, וועלכעם זעהט און ווערט נישט געזעהן. אַזוי ווי עס ערקלערט אונז דער רמב"ם: אַז מיר קענען נישט פאָרשטעלען פאַר אַ מענש, וועלכער איז געבוירען געוואָרען בלינד, דעם אויסזעהן פון קאָלירען. וואָס איז דער אויספיהר פון אונזערע רייד? אַז די נשמה איז אַ טייל פון ג־ט. און דעריבער איז אַלזאָ פאַרשטענד־ליך, אַז ווען די מלאכים האָבען געזעהן די באַשעפעניש, וואָס רופט זיך מענש, וואָס האָט אין זיך אַ טייל פון

ג-ט, האָבען זיי געוואָלט זאָגען פֿאַר איהם קדושה, אזוי ווי זיי זאָגען פֿאַר ג-ט.

## דער רעזולטאַט פונ'ם שטאַרקען שלאָף

אָבער נאָכדעם, ווי די מלאכים האָבען געזעהן, אַז עס איז אַרויפגעפאַלען אַ שלאָף אויף דעם מענש, האָבען זיי זיך אַרומגעזעהן, אַז זיי האָבען אַ טעות געהאַט אין איהם. דער שלאָף זאָגט עדות אויף איהם, אַז מען דאַרף נישט זאָגען קדוש פֿאַר איהם. די פּראַקטיקע אין לעבען ווייזט אונז, אַז דער שלאָף איז די הויפּט-סיבה פון אַלע אומגליקען אויף דער וועלט. למשל, ווען עס ברעכט אויס אַ שרפה בייטאָג, ווען מענשען זענען וואַך, איז דאַן לייכט איינצולעשען דאָס פייער, אָבער ווען אַ שרפה ברעכט אויס ביינאַכט, ווען מענשען שלאָפען, דאַן איז די סכנה זעהר גרויס. פיעל שטעדט זענען חרוב געוואָרען ר"ל, צוליעב דעם, וואָס די שרפה איז אויסגעבראָכען אינמיטען נאַכט. טויזענ-טער און צעהנדליגער טויזענטער מענשען זענען גע-הרג'עט געוואָרען ר"ל אין די באַהנען, און אין די מאַשינען, צוליעב דעם וואָס דער מאַשיניסט האָט גע-כאַפּט אַ דרעמעל. דאָס זעלבע זעהען מיר, ווען אַ דאָק-טאָר קומט היילען אַ קראַנקען, אונטערזוכט ער דעם קערפּער פון קראַנקען, כדי צו וויסען וואָס די קרענק

איז, אום צו געבען די פּאַסענדע רפואה צו דער קראַנק. צייטענווייז אָבער טרעפט זיך, אַז דער דאָקטאָר איז פאַרשלאָפען און דערקענט נישט די קרענק און גיט נישט די געהעריגע רפואה, און דער קראַנקער שטאַרבט ר״ל. אויך אין דער מסחר־וועלט טרעפען זיך צייטענ־ווייז גינסטיגע צייטען פון פּראָספּעריטי און פרנסה, ווער עס פאַרשלאָפט נישט, און נוצט אויס די גינסטיגע צייט, מאַכט גוטע געשעפטען און ערווערבט זיך אַ גרויסען פאַרמעגען. עס זענען אָבער פאַראַן מענשען, וועלכע פאַרשלאָפען די גוטע געלעגענהייט. דאָס איז אין מאַטעריעלען לעבען פון דעם מענש, און מכל שכן געווים, אינ׳ם גייסטיגען לעבען, ווען ער פאַרשלאָפט זיינע יאָהרען. און אַזוי ווי ער איז געקומען אויף דער וועלט, אַזוי געהט ער אַוועק פון דער וועלט. דער שלאָף איז אַלזאָ די גרעסטע סיבה צו אַלע אומגליקען און פּאַסירונגען. דעריבער ווען די מלאכים האָבען געזעהן, אַז דער מענש שלאָפט, זענען זיי געקומען צום באַשלוס, אַז ס׳לויענט נישט צו זאָגען פאַר איהם קדושה. און זיי האָבען אויסגערופען: „חדלו לכם מן האדם אשר נשמה באפו כי במה נחשב הוא״. אָבוואָהל ער האָט אַ נשמה אין זיך, אָבער ווען ער שלאָפט איז ער נישט ראוי, מ׳זאָל פאַר איהם זאָגען קדוש. אויב ער שלאָפט, וואס פאר א ווערדע האָט ער?

**דער מדרש** לערענעט אונז, אַז דער שלאָף איז מבטל די קדושה אין דעם מענשען. דאָס איז אין

פריוואַטען לעבען פון דעם מענשען. און נאָך מעהר אין אַלגעמיינעם לעבען. אויב אַ גאַנץ פאָלק איז חלילה פאַרזונקען אין שלאָף, דאַן איז די געפאַהר פאַר דעם פאָלק זעהר גרויס, און זיין אונטערגאַנג איז אומפאַר־מיידליך. דאָס אידישע פאָלק איז ביז איצט געשלאָפען. מיר זענען געלעגען אָהן אַ רוח חיים. אַלע פעלקער האָבען געזייט פעלדער, געפלאַנצט וויינגערטנער, איינ־גענומען לענדער. און מיר, די נאָכפאָלגער פון די חשמונאים, זענען געזעסען מיט פאַרלייגטע הענד, זיך געשפּילט מיט קיילעכדיגע מטבעות, וועלכע בלייבען נישט שטענדיג אויף איין אָרט, נור קייקלען זיך. און אַזוי האָבען זיי זיך טאַקע אַוועקגעקייקעלט פון אונז. מיר זענען געבליבען נור ביי די צעהן פינגער, מיט ליידיגע הענט ממש. דאָס איז די פרוכט פון אונזער שטאַרקען שלאָף אין גלות. מיין פאָלק! כאַפּ זיך אויף פון דיין האַרטען און לאַנגען שלאָף. דער טאָג האָט שוין אויפגעשיינט. „קומי אורי, כי בא אורך". שטעה אויף לייכט, דיין ליכט איז געקומען. אונזער תורה, אונזער לאַנד רופט אונז צו אַרבייט. און ביי ג־ט איז די הילף!

## דאָס געגנערשאַפט און די הילף

**אין מסכת ברכות** דף נ"ז איז געבראַכט: תנו רבנן, הרואה אוכלסי ישראל, אומר ברוך חכם הרזים, שאין דעתם דומה זו לזו ואין פרצופיהם דומים זה לזה." דאָס הייסט: אַז מען זעהט אַ גרויסע אידישע באַפעלקערונג, דאַרף מען מאַכען די ברכה: „ברוך חכם הרזים וכו'", געבענשט זאָל זיין דער חכם פון די געהיימעניסען, ווייל זייערע מיינונגען זענען נישט גלייך איינע צו די אַנדערע און זייערע געזיכטער זענען נישט גלייך איינער צום אַנדערען.

**עס איז גענוג פאַרשטענדליך** פאַרוואָס מען דאַרף מאַכען אַ ברכה אויף דעם, וואָס געזיכטער זענען נישט גלייך איינער צום אַנדערען, ווייל אין דעם געפינען מיר אַ טובה פאַר דער וועלט און איהר עקזיס־טענץ. ווען עס זאָל נישט זיין אַזוי, נאָר אַלע מענשען וואָלטען געהאַט איין און די זעלבע געזיכט, וואָלטען דאַן בטל געוואָרען אַלע געזעצען און אָרדנונגען, סיי אין פאַמיליען־לעבען און סיי אין פּאָליטישען לעבען. דען יעדער רויבער און גזלן, יעדער אויסוואורף וואָלט געקענט רויבען און מאָרדען, אָהן שטערונג, ווייל מען וואָלט איהם נישט געקענט באַשטראָפען פאַר זיין פאַר־

ברעך, דען יעדער פאַרברעכער וואָלט געַ׳טענה׳ט, אַז נישט ער איז דעם פאַרברעך באַגאַנגען, נור אַ צווייטער. און אפילו קיין עדות וואָלט נישט געהאָלפען, ווייל אַלע האָבען דאָך איין געזיכט. און ווער רעדט נאָך פון צניעות-געזעצען! זיי וואָלטען געוויס נישט געקענט עקזיסטירען ביי אַזעלכע באַדינגונגען, ווייל מען וואָלט נישט געקענט באַשטימען, ווער עס איז דער מאַן פון דער פרוי, און ווער איז דער פרעמדער. און דאָס זעלבע מיט דער פרוי. דאָס איז קלאָר, אַז דאָס נישט גלייכהייט פון די געזיכטער, איז איינס פון די זאַכען, וועלכע זיכערט די עקזיסטענץ פון דער וועלט. דאָס זעלבע געפינען מיר אין מסכת סנהדרין דף ל״ח.

**די גמרא זאָגט**: פאַרוואָס זענען די געזיכטער נישט עהנליך איינער צום צווייטען, ווייל יעדער וואָס וואָלט געזעהן אַ שענע דירה, אָדער אַ שענע פרוי, וואָלט ער געזאָגט, אַז דאָס איז זיינס. איז אַלזאָ פאַרשטענדליך, פאַרוואָס מען מאַכט אויף דעם אַ ברכה. אָבער נישט פאַרשטענדליך איז, פאַרוואָס מען מאַכט אַ ברכה אויך אויף דעם וואָס די מיינונגען זענען נישט גלייך. אדרבה, דער שכל איז דאָך מחיב פאַרקעהרט: ווען עס וואָלט געווען איין מיינונג ביי אַלע מענשען, וואָלטען דאַן נישט פאָרגעקומען קיינע מחלוקת. עס וואָלטען נישט געווען די פאַרשידענע סעקטעס און פאַרטייען, און אויך נישט קיין מלחמות. אויף יעדער זאַך וואָלטען די מענשען פון דער גאַנצער וועלט גע-

געבען זייער איינשטימונג. דאַן וואָלט דאָך געהערשט דער שלום איבעראַל: אין שטוב און אין גאַס, אין בית המדרש, אין שוהל, אין חסידים-שטיבעל, אין דער גע־מיינדע, אין שטאָדט-ראַט, אין פּאַרלאַמענט (קאָנגרעס) און צווישען אַלע פעלקער און מדינות. איז אויב אַזוי ווי קומט אויף דעם אַ ברכה? און בכלל דאַרפען מיר פאַרשטעהן דעם נוסח פון דער ברכה: „ברוך חכם הרזים", פון וועלכעם די בעדייטונג איז: אַז אין דער חכמה געפינען זיך סודות און געהיימניסען. דאַכט זיך, אַז די באַשאַפונג פון הימעל און ערד, די זון און די שטערען און אַלע וועלטען איז אויך אַ גרויסע חכמה, אין וועלכער עס געפינען זיך פיעל סודות און געהיימ־ניסען, און אפשר נאָך מעהר, ווי די נישט-עהנליכקייט פון די געזיכטער און מיינונגען. און דאָך מאַכט מען אויף דעם נישט אַזאַ ברכה.

**אָבער** ווען מיר וועלען גוט אַריינטראַכטען אין דער זאַך, וועט אונז ווערען פאַרשטענדליך, אַז דערמיט, וואָס די מיינונגען ביי די מענשען זענען פאַר־שידען, האָט ג־ט געטאָן אַ גרויסע טובה פאַר דער עקזיסטענץ פון דער וועלט. דען ווען ביי אַלע מענשען פון דער גאַנצער וועלט וואָלט געווען איין דעה און איין הסכמה, וואָלט דאַן די וועלט קיין קיום נישט געהאַט. דען די גאַנצע ענטוויקלונג פון דער וועלט און איהר עקזיסטענץ איז אָפּהענגיג פון דער נישט-עהנ־ליכקייט פון די מיינונגען און פון דער געגענערשאַפט

צווישען איין מענש און דעם צווייטען. לאָמיר געבען צו פאַרשטעהן דעם ענין מיט אַנ׳איינפאַכעןביישפּיעל, וועלען מיר דאַן איינזעהן, אַז דאָס פאַרשידענאַרטיגקייט פון די מיינונגען איז אַ נויטווענדיגקייט. דען ווען עס וואָלט געווען איין מיינונג ביי אַלע מענשען פון דער גאַנצער וועלט, אַז וואָס איינער וואָלט געוואָלט, וואָל־טען דאָס זעלבע אויך געוואָלט אַלע מענשען פון דער גאַנצער וועלט, וואָלט דאָך געווים אויסגעקומען, אַז דאָס, וואָס דער מאַן האָט באַשלאָסען, האָט דאָס זעלבע אויך זיין פרוי באַשלאָסען, דאָס וואָס די עלטערען האָ־בען באַשלאָסען, האָבען אויך די קינדער באַשלאָסען, און וואָס די ברידער האָבען באַשלאָסען, האָבען אויך די שוועסטער באַשלאָסען. און אזוי אויך ביי אַלע ענינים. דאָס וואָס דער פאַרקויפער וועט איינשטימען, וועט דער קויפער אויך איינשטימען, און אַזוי ווייטער. די גאַנצע וועלט מיט איין מיינונג. לאָמיר זיך נאָך פאָרשטעלען — אדם הראשון און חוה האָבען ליעב געהאַט צו עסען רייז אויף פריהשטיג, און אויף מיטאָג אַרבעס, און טשאַסטעס (קוך) פון ווייצענע מעהל אויף אָווענט־ברויט. און קיין שום מיינונגס־פאַרשידענהייט צווישען אדמ׳ען און חוה׳ען וואָלט נישט געווען. און דאָס גלייכען וואָלטען זייערע קינדער איינשטימיג גע־ווען. דען קיין שום ענדערונג אין די מיינונגען פון די מענשען וואָלטען דאָך נישט געווען. וואָס אדמ׳ס ווילען, איז אויך חוה׳ס ווילען, און וואָס זייער ביידענ׳ס ווילען, איז אויך דער ווילען פון קין, שת, אנוש, קינן, מהללאל

און אזוי עד סוף כל הדורות, אויף קינד'ס קינדער. איז איצטער שטעלט זיך א פראגע. צי נאך אזא מיינונגס-איינינקייט, וואלטען מענשען געזייט אויך אנדערע מינים תבואה און געוויקסען? אויף דעם קענען מיר געבען נאר איין ענטפער: געוויס נישט, מען וואלט קיין אנדערע מינים, אויסער די אויבענדערמאהנטע נישט געזייט. און דאס זעלבע איז אויך מיט קליידונג. אויב, למשל, אדם הראשון וואלט באשלאסען זיך צו קליידען נאר אין וואלענע מלבושים, און נישט פון אנדערע מינים, און דער קאליר מוז זיין דוקא בלוי, דאן וואלטען אויף דער וועלט זיך נישט געפונען קיין אנדערע שטאפען אויסער בלויע וואל. און אזוי וואלט אויך געוועזן ביי אלע זאכען.

אבער דער שעפער פון דער וועלט האט באשאפען אום זיין שאפונג זאל פארטגעזעצט ווערען, ווי עס איז געשריבען אין דער תורה: „אשר ברא אלקים לעשות". די באדייטונג דערפון איז, אז ג-ט האט באשאפען אלץ, און די מענשען דארפען ווייטער שאפען, און פארפאלקאמען די וועלט. ווען דאס וואלט נישט געוועזן זיין ווילען, וואלט ביי איהם, דעם שעפער פון הימעל און ערד, די אונטערשטע וועלט און די אויבערשטע וועלטען: די זון און לבנה, שטערען, אופנים און גלגלים — שווער געוועזן צו באשאפען אין די זעקס טעג פון דער וועלט-שאפונג. אויך די אלע נייע זאכען, וועלכע ווערען ערפונדען אין פארשידענע צייטען דורך

די געלעהרטע, ווי לאָקאָמאָטיווען, טעלעפאָן, עראָפּלאַ־
נען, ראַדיאָ און נאָך עהנליכע ערפינדונגען, מיט וועלכע
די ערפינדער באַריהמען זיך מיט זיי. נאָר פאַרוואָס
האָט זיי ג־ט גלייך אַליין נישט באַשאַפען? דאָס איז
דערפאַר, ווייל דער ווילען פון ג־ט איז, אַז די וועלט
זאָל זיך ענטוויקלען, אַזוי ווי מיר האָבען אויבען דער־
מאָנט: ברא אלקים לעשות", עס זאָל געשאַפען ווערען
נאָך און נאָך. אַלע מאַטעריאַלען זענען צוגעגרייט גע־
וואָרען פון ששת ימי בראשית, נאָר ג־ט האָט איבער־
געלאָזט אַנ'אָרט פאַר דער מענשהייט זיך גרויס צו
מאַכען, און זיך צו קליגען, און בויען אויף זיינע יסודות,
און פאַרפאָלקאָמען די אַלע זאַכען. און אויב מען וועט
פרעגען, פאַרוואָס איז דאָס געווען ג'ט'ס ווילען אַזוי?
אויף דעם איז דאָ איין און איינציגע תשובה: „מי יודע
דעת עליון?" ווער קען עס פאַרשטעהן ג־ט'ס געדאַנק?

**מיר ווע̄לען** זיך צוריקקערען צו אונזער געדאַנק,
דאָס ג־ט'ס ווילען איז, אַז די וועלט זאָל
זיך ענטוויקלען. און דער בעסטער מיטעל איז דערצו
די מיינונגס־פאַרשידענהייט פון מענשען. דאָס נישט־
איינשטימונג צווישען איין מענש און דעם צווייטען,
אַזוי ווי עס איז איינגעפיהרט אין אונזער וועלט, וואָס
איינער אסר'ט, איז דער צווייטער מתיר, וואָס איינער
באַשולדיגט, באַרעכטיגט דער צווייטער. אויף דעם,
וואָס איינער זאָגט „גוט", זאָגט דער צווייטער „שלעכט".
דאָס איז דער בוי און עקזיסטירונג פון דער וועלט.

למשל, ווען איינעם געלינגט א נייע ערפינדונג, לויט זיין פאַרשטאַנד און מיינונג, קומט א צווייטער ער־פינדער, וועלכער איז נישט איינשטימיג מיט'ן ערשטען און ערפינדעט א נייע ערפינדונג, אויף אַנ'אַנדער אופן. קומט אויס, אַז צוליעב די מיינונגס־פאַרשידענהייט פון דיביידע ערפינדער, האָט די וועלט זוכה געווען צו צוויי נייע ערפינדונגען. און אַזוי איז דער סדר פון דער וועלט.

**עהנליך צו דעם** האָב איך געזאָגט א געדאַנק אויף דעם, וואָס ג־ט האָט געזאָגט: „לא טוב היות האדם לבדו, אעשה לו עזר כנגדו". אין מסכת יבמות, דף ס"ג האָט געזאָגט אויף דעם רבי אלעזר: „זכה עוזרתו, לא זכה — כנגדו". דאָס הייסט, ווען דער מאַן איז זוכה, איז איהם די פרוי א העלפערין, איז ער נישט זוכה — איז זי איהם אַ געגנערין. ווי עס ווייזט אויס, איז ר' אלעזר'ן אומפאַרשטענדליך געווען, ווי איז דאָס: אויב אַנ'עזר (העלפער), קען דאָך נישט זיין אַ כנגדו (אַ געגנערין). און אויב אַ כנגדו, קען דאָך ווידער נישט זיין קיין עזר. דארום גיט ר' אלעזר זיין אויפקלערונג. לויט מיין געדאַנק, וועלכען איך האָב געזאָגט, קען מען זאָגען, אַז דער „עזר" און דער „כנגדו" זענען נישט קיין ווידערשפּרעכענד איינס דאָס צווייטע, נאָר אדרבה, מיט דעם, וואָס זי איז געגען איהם, מיט דעם איז זי איהם בייהילפיג. דען מערסטע ברענגט די געגנערשאַפט פון דער פרוי ברכה און הילף אין הויז.

און פאַרקעהרט, ווען זי וואָלט צוגעשטימט צו אַלעם, וואָס געהט נאָר אַרויס פון מאַנ׳ס מויל, וואָלט געווען אַ קללה אין דער הויז, דען צוליעב דעם, וואָס די פרוי איז אַמאָל געגען דעם מאַנ׳ס ווילען, ווערט די זאַך קלאָר און דורך זייער ביידענס ישוב הדעת קומט אַרויס אַ ריכטיגער אורטייל. און צוליעב דעם האָבען די חכמים אונזערע געזאָגט אין מסכת בבא מציעא, דף נ״ט: „במילי דביתא צריך להיות אם אתתך גוצא גחין ולחיש לה״. (אין שטוב-זאַכען דאַרף זיין, אויב דיין ווייב איז אַ קליין-געוויקסיגע, בויג זיך אַראָפּ צו איהר מיינונג און עצה אין אַלע שטוב-ענינים. דער תמצית פון אונזערע רייד איז, אַז די מיינונגס-פאַרשי־דענהייט פון די מענשען ברענגט גליק דער וועלט. דעריבער איז פאַרשטענדליך, וואָס מען האָט מתקן געווען אַ ברכה אויף דעם, ווייל דאָס איז לטובת דעם קיום פון דער וועלט. אַבוואָהל דער אויבערפלעכליכער שכל ווייזט נישט אזוי. אויך דעם נוסח פון דער ברכה „ברוך חכם הרזים״ האָבען די חכמים מתקן געווען, כדי דערמיט צו באַטאָנען דעם סוד און געהיימנים פון דער באַשאַפונג, אַזוי ווי מיר האָבען ערקלערט. אויך אין דער גאַנצער נאַטור גילט דער כלל, וואָס מיר האָ־בען דערמאָנט: אַז צוויי געגענגעזעצטע עלעמענטען קענען אַרויסגעבען פון זיך אַ דריטע קראַפט. אַזוי אין כעמיע, אין פיזיק און אַזוי ווייטער. אַזוי ווי עס דריקען זיך אוים די געלעהרטע: **אז דאָס ווידערשפּרוך איז די באַוועגונגס-קראַפט אין יעדער זאַך.**

# די וועלכע פאַרבייטען אַנ׳אלף אויף אַנ׳עין און פאַרקערט

**אין מדרש רבה בראשית** פרשה כ׳ סימן ט׳ ווערט געבראַכט: „בתורתו של רבי מאיר כתוב כתנות אור באלף״. דאָס הייסט, אַז אין דער ספר תורה פון רבי מאיר איז געשריבען „כתנות אור״ מיט אַנ׳אלף און נישט קיין עין, ווי אין אונזערע ספרי תורות.

**מיין מיינונג** איז וועגען דעם, אַז פּיליכט האָט רבי מאיר ווי רבי אליעזר און ווי די מענשען פון בית שאן, חיפה און טבעונין. דען ס׳ווערט געבראַכט אין מסכת ברכות דף ל״ב: „ויתפלל משה אל ה׳״ אל תקרי אל ה׳, אלא על ה׳. דאָס הייסט, אַז מען דאַרף נישט לייענען **אל** מיט אן אלף, נאר מיט אן עין, **על**, ווייל ר׳ אליעזר בן יעקב און זיינע אָנהענגער פאַר־בייטען אַנ׳אלף אויף אַנ׳עין און פאַרקערט. אין מסכת מגילה, דף כ״ד ווערט געבראַכט: אַז מען לאָזט נישט צו צום עמוד דאַוונען אַזעלכען, וועלכער פאַרבייט אַן אלף אויף אַנ׳עין און פאַרקערט. אין רש״י דאָרט ווערט געבראַכט: אַז ביי תפילה איז רבי אליעזר בן יעקב אויך מודה, אַז מען טאָר נישט צולאָזען די, וועלכע פאַרבייטען דעם אלף אויף אַנ׳עין, ווייל זיי פאַרלעצען

די תפילה. און דאָס זעלבע אויך ביים דוכנ׳ען. פאַר־בייטען איז נאָר ערלויבט ביי אַ דרשה. און דערמיט וועט זיין פאַרשטענדליך אין יבמות דף כ״ב: דאָס וואָס רבי יהודה דרש׳ט דאָרט אויף דעם פסוק „ובן אין לו״, עין עליו. קען זיין, אַז אויך ר׳ יהודה איז אין דער זעלבער מיינונג מיט ר׳ אליעזר בן יעקב, אַז מען פאַרבייט אַנ׳אלף אויף אַנ׳עין און פאַרקערט ביי אַ דרש. זעה אין תוספות יום טוב דאָרט.

אויך אין מסכת פסחים, דף ל״ו: אין דעם דרש, וואָס רבי יוסי הגלילי דרש׳ט דאָרט אויפ׳ן פסוק „לחם עוני״, דאָס וואָס ווערט געגעסען באנינות. דער־פון זעהט מען, אַז אויך ר׳ יוסי הגלילי האַלט, אַז ביי אַ דרשה מעג מען פאַרבייטען אַנ׳אלף אויף אנ׳עין און פאַרקערט. און דאָרט אין דער גמרא ווייזט אויס, אַז אויך רבי עקיבא וואָלט גע׳דרש׳ט, ווי ר׳ יוסי הגלילי, ווען נישט ר׳ עקיבא׳ס דרש **מצות מצות**. אזוי איז מיין מיינונג ב״ה.

## די נוצליכקייט פון אגדה

**אין מדרש רבה שיר השירים** אויפ׳ן פסוק „סמכוני באשישות רפדוני בתפוחים כי חולת אהבה אני", זאָגט רבי לוי: „לשעבר היתה הפרוטה מצויה והיה אדם מתאוה לשמוע דבר משנה והלכה ועכשיו שאין הפרוטה מצויה וביותר שהן חולין מן השעבוד אין מבקשין לשמוע אלא דברי ברכות ונחמות." דאָס הייסט, אַז אַמאָל, ווען די פרוטה האָט נישט געפעהלט ביים מענשען, האָט זיך איהם געגלוסט צו הערען משנה און הלכה, אָבער ביי היינטיגער צייט, ווען עס פעהלט ביים מענשען די פרוטה, און בפרט ווען מען ליידט פון פאַרשקלאַפונג, וויל מען הערען בלויז ברכות און נחמות.

**ר׳ לוי** ראָט אונז נישט צו באַמיהען די מענשען מיט שווערע לימודים און טיעפע ענינים, ווען די וועלט איז אין צער, און דער שעבוד פאַרשטאַרקט זיך, נאָר זיך באַגנוגענען מיט דברי אגדה און טרייסט-ווערטער.

**דעריבער** געפין איך איין, אַז עס איז ווינשענסווערט, אין היינטיגע צייטען, אין וועלכע דער גלות פאַרשטאַרקט זיך איבער אונז, און עס איז אַנ׳עת צרה

ליעקב, ווען די צרות פאַרגרעסערען זיך פון טאָג צו טאָג, דער יאוש פאַרשטאַרקט זיך, אונזער פאָלק לויפט פון לאנד צו לאנד צו זוכען מיטלען צום לעבען, די קוואַלען פון פרנסה ווערען פאַרשטאָפּט, — דאַרפען די פאָרשטעהער פון פאָלק, די רבנים, די פרעדיגער און די ראשי ישיבות ווידמענען צייט צו רעדען צום פאָלק דברי נחומים, צו שטאַרקען זייער מוטה, אַז זיי זאָלען ביי זיך נישט אַראָפּפאַלען, און זאָלען נישט אַראָפּלאָזען די הענט פון צער און פאַרצווייפלונג. די אגדות און מדרשים פון אונזערע חז"ל זענען די בעסטע רעצעפּטען פאַר דער קרענק פון פאַרצווייפלונג. זיי דערצעהלען אונז וועגען פאַרגאַנגענע צייטען, פון פיעל צרות און גזרות שמד, וועלכע זענען איבער אונזערע עלטערען אַריבער, און דאָך איז דער מוטה ביי זיי נישט געפאַלען. נאָר זיי האָבען געקעמפט ווי גבורים מיט מסירות נפש און זענען אַרויס מיט זיעג.

## מעשי אבות

**איינער פון די מדרשים**, וועלכער קען אונז באַרוהיגען איז דער מדרש רבה בראשית פרשה נ"ו. דאָרטען ווערט געבראַכט: אין דור שאין בו כאברהם, שנאמר: אברהם, אברהם. אין דור שאין בו כיעקב, שנאמר: יעקב, יעקב. אין דור שאין בו כמשה,

שנאמר: משה, משה. אין דור שאין בו כשמואל, שנאמר: שמואל, שמואל. דער מדרש זאָגט, דאָס עס איז ניטאָ קיין דור, וואָס עס געפינען זיך ניט אַזעלכע צדיקים, ווי אברהם, יעקב, משה רבנו און שמואל.

**דער דאָזיגער מדרש** איז איינער פון די וואונדער־ליכסטע. אויב עס איז ריכטיג, אַז אין יעדען דור געפינען אַזעלכע צדיקים, וועלכע ווערען דער־מאָהנט אין דעם מדרש, שטעלט זיך די פראַגע: צו וואָס דאַרפען מיר יעדען מאָל דערמאָהנען די אַלטע זכות אבות אין אונזערע תפילות: אלקי אברהם א. ז. וו. זכיות פון אַמאָל, איז דען ניט בעסער זיך צו באַנוצען מיט די זכיות פון די צדיקים, וועלכע לעבען מיט אונז אין דור? צו וואָס זאָלען מיר דערוועקען זכיות פון טויזענטער יאָהרען צוריק? דער מדרש קומט אונז פאַר נאָך מעהר וואונדערליך מיט דעם, וואָס ער זאָגט: אַז אין יעדען דור געפינט זיך אַ צדיק, ווי משה רבנו עליו השלום. די תורה אַליין זאָגט דאָך, אַז „ולא קם בישראל כמשה עוד נביא" (אַזאַ נביא, ווי משה רבנו גיט נישט מעהר). אום צו פאַרשטעהן דעם מדרש, וועלען מיר זיך באַנוצען מיט'ן כלל, וועלכען עס האָט אונז געגע־בען דער ירושלמי ראש השנה פרק ג': „דברי תורה עניים במקומם, ועשירים במקום אחר" (דברי תורה, ווען אפילו זיי זענען אָרעם אין איין אָרט, זענען זיי אָבער רייך אויף אַנ'אַנדער אָרט). די באַדייטונג פון דעם איז: אויב מיר זעהען אַ מאמר חז"ל, וועלכער איז

אונז שווער צו פארשטעהן אויפ׳ן אָרט, נעהמען מיר צו הילף אַ צווייטען מאַמר חז״ל, און דורך דעם צוויי-טען געפינען מיר אַנ׳ערקלערונג צום ערשטען. דעריבער וועל איך אויך טאָן, ווי עס זאָגט דער ירושלמי, דאָס הייסט: ברענגען א צווייטען מאמר, וועלכער נויטיגט זיך אין ערקלערונג, און ווען מיר וועלען איהם בעזר השם ערקלערען, וועט אונז קלאָר ווערען אויך דער מאמר, וועלכער איז וואונדערליך.

## דער סימבאָל פון יצחק׳ס עקדה

**אין פרקי דרבי אליעזר** פרק א׳ ווערט געבראַכט: „רבי חנינא בן דוסא אומר: אותו האיל לא יצא ממנו דבר לבטלה. אפרו של האיל הוא יסוד שעל גבי המזבח הפנימי, שנאמר: „וכפר אהרן על קרנותיו אחת בשנה״, גידיו של האיל הם עשרה, כנגד עשרה נבלים של כנור, שהיה דוד מנגן בהם. עורו של איל הוא אזור מתניו של אליהו, שנאמר: „ויאמרו אליו איש בעל שער ואזור עור אזור במתניו״. שתי קרניו של איל, של שמאל, תקע בו הקדוש ב״ה על הר סיני, שנאמר: „ויהי קול השופר וגומר״. וקרן של ימין הוא גדול מן השמאל ועתיד לתקוע בו לעולם הבא בקבוץ של גליות, שנאמר: „והיה ביום ההוא יתקע בשופר גדול״. דאָס הייסט: רבי חנינא בן דוסא

זאָגט: אַז פון דעם איל, וואָס אברהם האָט מקריב געווען אויף יצחק׳ס אָרט איז קיין זאַך נישט געגאַנגען צו גאַרנישט. זיין אַש, דאָס איז דער פונדאַמענט פון׳ם מזבח הפנימי, ווי עס ווערט געזאָגט: „וכפר אהרן על קרנותיו אחת בשנה״. זיינע אָדערען זענען צעהן, אַנטקעגען די צעהן סטרונעס פון דער פידעל, אויף וועלכער דוד המלך האָט געשפּילט. זיין פעל, דאָס איז דער לעדערנער גאַרטעל פון אליהו הנביא, וואָס ביי איהם ווערט געזאָגט: דאָס ער איז געווען אַרומגעבונדען מיט אַ לעדערנעם גאַרטעל. זיינע צוויי הערנער: מיט דעם לינקען האָרען האָט ג־ט געבלאָזען אויפ׳ן באַרג סיני אין דער צייט פון מתן תורה, ווי עס איז געשריבען אין דער תורה, און מיט׳ן רעכטען, וועלכער איז אַ גרעסערער פון לינקען, וועט ג־ט בלאָזען, ווען עס וועט זיין דער קבוץ גליות, ווען משיח וועט קומען, ווי עס ווערט געזאָגט: דאָס דעם טאָג וועט מען בלאָזען מיט אַ גרויסען שופר.

**דער וועלכער האָט אַ ווייטערען קוק, זעהט, אַז** דער מאמר איז נישט אַזוי פשוט: עס איז דאָך אונז באוואוסט פון דער תורה און פון די נביאים די אָרדנונג פון׳ם משכן און בית המקדש. עס איז נישטאָ אפילו איין ווינקעל, ברעט און ריגעל, וועלכע עס האָט זיך געפונען אין משכן, אדער אין בית המקדש, עס זאָל נישט באשריבען ווערען גענוי אין דער תורה און אין די נביאים, ווי זיי זענען געמאַכט געוואָרען. דער

מזבח הפנימי, שטעהט געשריבען אין דער תורה, איז געמאַכט געוואָרען פון שטים האָלץ, באדעקט מיט ריינעם גאָלד זיין דאַך און זיינע ווענט, אָבער אַז די אַש פון איל איז געווען אונטער׳ן פונדאַמענט פונ׳ם מזבח, ווערט נישט דערמאָהנט, נישט אין דער תורה ביי דער אַרבייט פון דעם משכן, און נישט אין ספר מלכים, ביי דער אַרבייט פונ׳ם בית המקדש. אויך דאַרף מען פאַרשטעהן, וואָס עס ווערט דערמאָהנט אין דעם מאמר, אַז די סטרונעס פון דוד׳ס פידעל זענען געמאַכט געוואָרען פון די אָדערען פונ׳ם איל. דאָס איז באַוואוסט, אַז דוד המלך ע״ה האָט געקענט שפּיעלען פּידעל, אָבער דאָס אַז סטרונעס פון אַ פּידעל זאָלען געמאַכט ווערען פון אָדערען, — איז נישט באַקאַנט.

אויך איז נישט פאַרשטענדליך דער מאמר, וועלכער זאָגט, אַז אברהם אבינו האָט אַוועקגעלעגט די הערנער פון דעם איל אַלס קרבן עולה, און אין מסכת זבחים, דף פ״ה, ווערט אָפּגעלערענט פון דעם פּסוק: „והקטיר את הכל״ — דאָס אפילו די וואָל, וואָס איז אויף די קעפּ פון די שעפּסען, און די האָר פונ׳ם באָק׳ם באָרד, אויך די ביינער, די אָדערען, די הערנער און קלויען, ווען זיי זענען צוזאַמען מיט דעם קערפּער פון קרבן, איז מען מקריב. וועגען די הערנער האָט שוין געפרעגט דער אור החיים זצוק״ל. ער פאַרענטפערט מיט צוויי תירוצים. איין תירוץ איז, אַז די הערנער זענען אַרויסגעריסען געוואָרען פאַר דעם שפּרוינגען

די בלוט, אָבער בכלל איז דעם מאמר שווער צו פאַר־שטעהן געוויינליך.

**און ווידער**, אויב מיר וועלען דעם מאמר ערקלערען איינפאַך, ווערט דאָך אין זבחים געבראַכט:

רבה האָט געזאָגט, דאָס פאַר'ן שפּרוינגען די בלוט, אַז ער האָט אָפּגעשניטען די הערנער, מעג ער פון זיי מאַכען אפילו אַ טראָנעק צו אַ מעסער. פאַרוואָס ברענגט רבה נישט קיין ראיה צו זיינע רייד פון רבי חנינא בן דוסא'ס מאמר, אַז אברהם אבינו האָט איבערגעלאָזט פון דעם איל די הערנער אויף שופרות, און די אַדערען אויף סטרונעס?

**אָבער** זיכער איז, אַז דער דאָזיגער מאמר איז נישט איינפאַך, נאָר ער געהערט צו דעם חלק פון אגדה וואָס אין די מאמרים זענען באַהאַלטען טיעפע כוונות. און אויב מען וועט פרעגען: וואָס האָט גע־נויט דעם בעל המאמר צו רעדען פאַרשטעלט, און נישט אָפען און קלאָר פאַר אַלע? איז דער ענטפער, אַז מיר זאָלען לעבען אין דער צייט פון בעל המאמר, וואָלטען מיר געוואוסט די סיבה, וועלכע האָט גע־צוואונגען, דאָס דער בעל המאמר זאָל רעדען פאַר־שטעלט, אויפ'ן וואונק. און אַזוי ווי מיר לעבען אָבער אין אַנ'אַנדער צייט, איז אונז שווער צו ערקלערען די סיבה. אָבער איינס איז אונז קלאָר, אַז דער מאמר איז נישט געוועהנליך גערעדט, נאָר זעהר טיפע רייד.

און די לומדים, וועלכע פלפל'ען זיך אין הלכות, אָבער די ענינים וועלכע זיינען פארבונדען מיט אונזער געשיכטע און צוקונפט געפינען זיי זיך נישט פארפליכטעט צו נעמען אין אַכט, מאַך איך זיי אויפמערקזאם. זיי זאָלען ענטשולדיגען אז זיי איז ארוים פון זינען דער מאמר פון ר' אחא'ן אין מדרש רבה פ' חיי שרה, וואָס זאָגט דאָרט „יפה שיחתן של עבדי אבות מתורתן של בנים, פרשתו של אליעזר שנים וג' דפים, הוא אומרה ושונה, ושרץ מגופי תורה, ואין דמו מטמא כבשרו, אלא מרבוי המקרא „טמא הטמא", אחד אומר „זה וזה". דאָס הייסט: ר' אחא זאָגט, דאָס אַן'איינפאַכער געשפרעך פון קנעכט פון די אבות שטעהט העכער, ווי תורה פון זייערע קינדער. די פרשה פון אליעזר'ן, וועלכע פאַרנעהמט אייניגע בלעטער, ווערט אין דער תורה צוויי מאָל איבערגע'חזר'ט, און אַז אַ שרץ איז מטמא, וועלכער איז פון די עיקרי התורה: איז אום זיין בלוט זאָל אויך מטמא זיין, ווי זיין קערפער, ווערט אָפּגעלערענט פון אַן איבעריגען הא. עס האָט געקאָנט שטעהן „טמא" און עס שטעהט „הטמא". און נאָך מעהר האָט ר' אחא געזאָגט אויפ'ן פסוק: „ומים לרחוץ רגליו", דאָס עס איז טייערער דאָס וואַשען די פים פון די קנעכט פון די אבות, מעהר פון זייערע קינדער'ס תורה.

**דער מאמר** ענטדעקט אונז פיעל זאַכען, ווייל מיר ווייסען די ווערדע פון דעם בעל המאמר,

ווייל ער איז אַנ'אויטאָריטעט, אויף וועלכען מען קען זיך פּאַרלאָזען, אַז זיינע רייד זענען הייליג, אָבוואָהל דער מאמר איז אין פלוג זעהר וואונדערליך, זאָגענדיג, אַז אַנ'איינפאַכער געשפּערעך פון די קנעכט פון די אבות שטעהט אויף אַ העכערער מדרגה, ווי די תורה פון זייערע קינדער. אָבער צוליעב דער אָנערקענונג פון דעם בעל המאמר, מוזען מיר בויגען דעם קאָפּ און זיך פאַרטיעפען אין זיינע ווערטער, וועלען מיר זעהען ווי ריכטיג דער מאמר איז. אונז איז אפילו אַ גרוים וואונדער, ווי קען דאָס זיין דאָס רייד פון די קנעכט פון די אבות זאָל שטעהן העכער, ווי די תורה פון די קינדער. דאָס הייסט, אַז די תורה פון לעבעדיגען ג-ט, וועלכע איז אונזער אייביגער לעבען, זאָל זיין נידעריגער פון די קנעכט'ס רייד.

**מיר קענען** די זאַך אויפקלערען, ווען מיר טראַכטען זיך אַריין אין איבעריגע וועלט-ענינים, וועלען מיר קומען צו פאַרשטעהן ר' אחא'ס ווערטער. אָט למשל: ווען מיר בויען אַ גרויסע געביידע, אַ פּאַלאַץ פאַר אַ קעניג, הויבען מיר אָן צו גראָבען גריבער צום פונדאַמענט פון דער געביידע, און אין די גריבער טהוט מען אַריין שטיינער, און מען גיסט אויף זיי קאַלך, צעמענט, און דאָס ווערט גערופען פונדאַמענט פון דער געביידע. אויף דעם פונדאַמענט, בויט מען ווענט, אַ שטאָק אויף אַ שטאָק, און איבער'ן בנין, אין דער הויך, בויט מען אַ דאַך, און ווען דער גאַנצער

בנין ווערט פארטיג, באפוצט מען און מען באציערט איהם פון אויסענווייניג און פון אינעווייניג מיט פאר־שידענע מאלעריי און פארבען. אויך מיט פארשידענע סקולפטור אויף די ווענט. און ווען מיר ווילען אריינ־קלערען, ווער פון די, וועלכע וואס האבען זיך באַ־שעפטיגט אין דעם פאלאץ אויפצובויען, איז מעהר וויכטיג: צי די, וועלכע האבען געגראבען דעם פונדא־מענט, צי די בוי־מייסטער, וועלכע האבען געבויט די ווענט, אדער די קינסטלער, וועלכע האבען דעם פא־לאץ באפוצט? ווילען מיר אהן צווייפעל קומען צום באשלוס, אז דער, וועלכער גראבט די גרוב צום פונ־דאמענט, קען זיין אנ׳איינפאכער מענש, אהן וועלכע עס איז וויסענשאפט און קענטעניש, נאר בלויז א מענש מיט שטארקע הענט, וואס זאל קענען גראבען די ערד. דאגעגען, דער בוי־מייסטער, וועלכער בויט די ווענט, דארף שוין זיין א ספעציאליסט און א זאך־קענער אין דעם פאך. און דער, וועלכער באפוצט און באצירט דעם פאלאץ מוז זיין גאר א גרויסער קינסט־לער מיט אלע איינצעלהייטען און פינקליכקייטען פון דער קונסט.

**איצט** ווילען מיר שטעלען נאך א פראגע: פון די דער־מאנטע ארבייטער, — דער גרעבער, דער בוי־מייסטער און דער קינסטלער, ווער פון זיי איז מעהר פאראנטווארטליך פאר דער ארבייט פון דער געביידע? אויף דער פראגע וועט געוויס קומען דער פאלגענדער

ענטפער: אויב דער קינסטלער, וועלכער באַפּוצט דעם פּאַלאַץ מאַכט אַ פעהלער, דהיינו, ער האָט אויסגע-מאָלט אַ בלום, אָדער אַ בילד נישט ווי געהעריג, דאַן באַזייטיגט מען דעם בלום, אָדער דאָס בילד און מען מאַכט אויף זייער אָרט אַנדערע. דאַגעגען אָבער, ווען דער בויער פון די ווענט האָט געמאַכט אַ פעהלער, דאַן איז שוין נישט אַזוי גרינג צו פאַרריכטען דעם פעהלער. דאָס פאָדערט זיך שוין אַ גרויסע אַרבייט. מ'דאַרף מאַנכעס מאָל די וואַנט אומוואַרפען און בויען אַנ'אַנדערע. ווי איז נאָך, אַז דער, וועלכער האָט גע-גראָבען דעם פונדאַמענט האָט געמאַכט אַ פעהלער, דאַן העלפט שוין קיין שום פאַרריכטען נישט, נאָר מען מוז צעוואַרפען דעם גאַנצען פּאַלאַץ, ווייל אָהן אַ ריכטיגען פונדאַמענט קען קיין בנין נישט שטעהן. וואָס לערנען מיר פון דעם, אַז די באַפּוצונג און די באַצירונג מיט זייער גאַנצער שענקייט און פּראַכט, וועלכעס פאַרנעהמט דאָס אויג פון יעדען, וועלכער זעהט דעם פּאַלאַץ, אָנערקענט די חכמה און קענטעניש פון דעם קינסטלער. אָבער דער עיקר פון דעם בנין איז דער פונדאַמענט, וואָס אויף איהם איז ער געבויט.

**איצט** איז אונז שוין פאַרשטענדליך דער נמשל. דאָס הייסט, די רייד פון ר' אחא: דאָס געשפּרעך פון די קנעכט פון די אבות שטעהט העכער ווי די תורה פון זייערע קינדער. אמת טאַקע, דאָס די קינדערס' תורה איז די נשמה און דאָס לעבען פון פּאָלק, וואָס דורך

איהר לעבען מיר, און אָהן דער תורה זענען מיר גאָר־נישט. די תורה, דאָס איז אונזער פעסטונג, וואָס באַשיצט אונז, אָבער דער פונדאַמענט פון דער פעסטונג, וואָס אויף איהר איז ער געבויט, דאָס איז די אַרבייט פון די אבות. זיי האָבען געגראָבען דעם פונדאַמענט און געבויט די ווענט. דער גאַנצער חומש בראשית איז די ערצעהלונג וועגען דער בויאונג פון דעם פונדאַמענט פון יהדות. און ווער זענען די אַרכיטעקטען פון דעם פונדאַמענט און די ווענט? דאָס זענען אונזערע אבות, און אויך די געשפּרעכען פון זייערע קנעכט זענען אַזוי וויכטיג צום פונדאַמענט, אָבוואָהל זיי זענען נאָר קנעכט, אָבער זיי האָבען געהאָלפען גראָבען די ערד פון דעם פונדאַמענט, לויט׳ן באַפעהל פון די אבות.

**איצט** איז אונז פאַרשטענדליך דער מאמר פון ר׳ אחא, און עס וועט אויך פאַרענטפערט ווערען די פראַגע פון רבי יצחק׳ן (וועלכען רש״י הקדוש ברענגט אינ׳ם אָנפאַנג פון חומש בראשית), אַז מען האָט געדאַרפט אָנהויבען די תורה פון דער פרשה „החודש הזה לכם״, ווייל דאָס איז די ערשטע מצוה, וואָס די אידען זענען געבאָטען געוואָרען. דאָרט אין „שפתי חכמים״ ווערען די ווערטער מאָטיווירט דערמיט, וואָס די תורה איז דאָך געגעבען געוואָרען צו די אידען נאָר צוליעב די מצוות, וועלכע זענען אין איהר געשריבען, אַז זיי זאָלען זיי מקיים זיין, און דעריבער רופט זי זיך מיט דעם נאָמען „תורה״. אויב אַזוי האָבען דאָך אַלע

ספורים נישט געדאַרפט געשריבען ווערען אין דער תורה, נאָר עס האָט געדאַרפט געמאַכט ווערען אַ באַזונדער ספר, אַזוי ווי דער ספר „יהושע״, אָדער „שופטים״.

**אָבער** לויט ווי מיר האָבען ערקלערט דעם מאמר פון ר׳ אחא איז שוין אַלץ רעכט. פאַרוואָס האָט די תורה נישט אָנגעהויבען פון „החודש הזה לכם״ און צוליעב דעם, וואָס די ערצעהלונגען פון די אבות און זייערע קנעכט שטעהען אויף דער זעלבער הויכער מדרגה, ווי די תורה זעלבסט, און פילייכט נאָך העכער, ווייל די דאָזיגע ערצעהלונגען זענען דער פונ-דאַמענט פון דעם פאָלקס-בנין. אויף דעם פונדאַמענט איז געבויט אונזער פעסטונג. די אבות זענען די טיעפע וואָרצלען פון דעם יהדות-בוים, און נישטאָ דער דור, וואָס זאָל אין איהם נישט זיין, ווי אברהם, דאָס הייסט, אַז דער יהדות-בוים זאָל נישט זויגען אַ יניקה פון אברהם אבינו׳ס וואָרצלען, און אַלע פרוכט, וועלכע דער בוים טראָגט אויף זיך, איז אַ רעזולטאַט פון דער יניקה פון די וואָרצלען.

## וואָס עס האָט פאַסירט מיט די אבות — איז אַ סימן פאַר די קינדער

**דער עיקר ערצעהלונג** פון אברהם׳ס געשיכטע הויבען זיך אָן פון פרשת „לך לך״. פון

דער דאָזיגער פּרשה הויבט זיך אָן די גלות-קייט. די ערשטע רינג פון דעם קייט איז דער באַפעהל „לך לך״. דער רמב״ן זכרונו לברכה ברענגט אויף דעם אין פּסוק ו׳ מיט דעם פאָלגענדען לשון: „און דאָס איז אַ גרויסער ענין, וועלכען אונזערע לעהרער האָבען אונז דער־מאָהנט אין קורצען און האָבען געזאָגט, אַז אַלץ וואָס האָט פּאַסירט מיט די אבות, איז אַ סימן פאַר די קינ־דער. און דערפאַר האָט מען מאריך געווען ביי די מסעות (רייזעס), און וועגען דאָס גראָבען פון די ברונעמ׳ס און די איבעריגע פּאַסירונגען. און עס קען זיך דוכטען, אַז דאָס זענען אַלץ איבעריגע זאַכען, וועלכע ברענגען קיינע נוצען נישט. אָבער אין אמת׳ן קומט דאָס אַלץ אונז צו לערנען אויף דער צוקונפט, אַז וואָס עס פּאַסירט מיט איינעם פון די אבות, זאָל ער פאַרשטעהן וואָס דערפון וועט אַרויסקומען פאַר זיינע קינדער״. דאָס לעבען פון אברהם אבינו איז איין קייט פון יסורים און נסיונות. אברהם ליידט הונגער, איז ער געצווינגען צו ברעכען זיינע פיס און וואַנדערען קיין מצרים. אברהם ליידט פון זיין פריינד לוט, קען נישט זיצען מיט איהם צוזאַמען. אברהם זאָגט צו לוט׳ן: „אם השמאל ואימינה, ואם הימין ואשמאילה״. — ווען דו וועסט אַוועק לינקס, וועל איך נעהמען רעכטס, און ווען דו וועסט זיך נעהמען רעכטס, וועל איך געהן לינקס. און דאַך, ווען לוט ווערט גענומען אין גע־פענגעניש, איילט זיך אברהם צו באַוואָפענען זיינע קריעגס-לייט, לאָזט זיך געהן מלחמה האַלטען, כדי

מציל צו זיין לוט׳ן. ער האָט געראַטעוועט לוט׳ן, אויך געהאָלפען דעם מלך סדום, אָבער ער אַליין האָט קיין שום נוצען נישט געהאַט פון דער מלחמה. אַזוי ווי עס שטעהט געשריבען: „ויאמר אברהם אל מלך סדום הרמותי ידי אל ה׳ אל עליון קונה שמים וארץ אם מחוט ועד שרוך נעל ואם אקח מכל אשר לך ולא תאמר אני העשרתי את אברהם״. דאָס הייסט: אברהם האָט געשוואָרען, אַז ער וועט נישט נעהמען דאָס מינדעסטע פאַר זיך אפילו אַ שנירעל צו די שיך, דער מלך סדום זאָל נישט זאָגען, אַז ער האָט איהם רייך געמאַכט. מיט דער הקדמה (פאָררעדע) עפענען זיך פאַר אונז די טויערען פון רבי חנינא בן דוסא׳ס מאמר און מיר וועלען איהם ערקלערען מיט ג־ט׳ס הילף מיט אָנאָרדנונג:

ר׳ חנינא בן דוסא זאָגט: „דער איל, וועלכען אברהם האָט מקריב געווען אָנשטאָדט זיין זוהן יצחק, איז קיין איין זאַך פון איהם נישט געגאַנגען פאַרפאַלען״. די אַש פון איל, דער איל, וועלכער איז געווען אָנשטאָדט יצחק׳ן און אברהם האָט דעם איל פאַרברענט אויפ׳ן מזבח, אָבער זיין ווילען און געדאַנק זענען געווען, מקריב צו זיין יצחק׳ן אויפ׳ן מזבח, לויט דעם באַפעהל פון ג־ט, און מיט זיין גאַנצע מסירת נפש איז ער גרייט געווען צו ערפיהלען ג־ט׳ס באַפעהל. ביי יעדער אַרבייט פון דעם קרבן האָט ער געווים געזאָגט אַ יהי רצון, עס זאָל זיין אָנגענומען ביי ג־ט גלייך, ווי

ער וואָלט דאָס געטאָן צו זיין זוהן. הייסט עס, אַז וואָס עס איז געטאָן געוואָרען מיט'ן איל, איז געווען פאַר־רעכענט גלייך ווי עס וואָלט געטאָן געוואָרען מיט יצחק'ן. און אַלץ וואָס מיר דערמאָהנען ביים איל, איז גלייך ווי מיר וואָלטען דערמאָהנט ביי יצחק'ן. די אַש פון דעם איל איז דער פונדאַמענט צום מזבח הפנימי, צום אינעווייניגסטען מזבח. די כוונה איז, צום אינעוויי־ניגסטען מזבח, וואָס געפינט זיך ביי יעדערען איינעם פון אונזער פאָלק טיעף אין הארצען, וועלכעס אויף דעם מזבח האָבען שוין נישט איינמאָל גאַנצע קהלות זיך געלאָזט מקריב זיין, זיך פאַרברענט צוזאַמען מיט זייערע שוהלען און בתי מדרשים, כדי פרעמדע זאָלען נישט פאַרשוועכען זייער הייליגטום. נישט איין מאָל דערצעהלט אונז אונזער געשיכטע, ווי גאַנצע קהלות האָבען געוואָרפען צווישען זיך גורל, ווער פון זיי זאָל זיין דער שוחט צו שחט'ן די קרבנות על קידוש השם. און נאָך דער הייליגער אַרבייט, האָט זיך דער שוחט אַליין איבערגעשניטען די האַלז מיט דער ברכה: „וצונו על מצות קדוש השם". און ווען די צוררים זע־נען געקומען, האָבען זיי קיין לעבעדיגען נישט געפונען, ווייל זיי זענען שוין אַרויף אויפ'ן הימעל מיט דער פאָהן פונ'ם הייליגען גלויבען, ווי זיגערישע העלדען. אויף פיעל פון די דאָזיגע קדושים איז גאָר נישט געווען קענ־טיג, אַז זיי זאָלען פעהיג זיין צו שטאַרבען אויף קדושת השם. מיט זייער אויסערליכקייט זענען זיי שוין לאַנג נישט געווען עהנליך צו אונז. עס האָט זיך גערדאַכט,

אז זיי געהערען שוין נישט צו אונז. אָבער ווען עס איז געקומען די צייט מקדש השם צו זיין, האָט זיך אַ דריק געטאָן דער קנעפּעל און דער עלעקטרישער שטראָם האָט אָנגעהויבען צו פליסען און האָט אָנגעצונדען דאָס הייליגע ליכט און דער אינעוועייניגסטער מזבח איז אונ־געריכט געוואָרען, און די קרבנות פאַר ג־ט זענען גע־בראַכט געוואָרען. אויף וואָס פאַר אַ פונדאַמענט איז געבויט דער דאָזיגער אינעוועייניגסטער מזבח? דער דאָזיגער פונדאַמענט איז געווים נישט קיין נאַטירלי־כער, דען פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל ער זאָל נישט זיין געבויט, איז דאָך שווער צו פאַרשטעהן, ווי אַזוי ער האַלט אויף זיך דעם בנין פון מזבח שוין טויזענטער יאָהרען, נאָך אַזוי פיעל וואַנדערונגען אין אַלע עקען פון דער וועלט. דער ענטפער אויף דעם איז: די אַש פון דעם איל, — דאָס איז דער פונדאַמענט פון דעם אינעוועייניגסטען מזבח. דאָס איז די ריינע מסירות נפש פון די אבות אויף קדוש השם. דאָס איז אונזער פונדאַמענט. און אויף איהם איז געבויט דער אינעוועיי־ניגסטער מזבח, וועלכער איז אונזער הארץ און לעבט אין אונזער נשמה.

# דער אונטערשיד צווישען דוד המלך ע״ה און צווישען די קעניגען פון אַלע פעלקער

**די אָדערען פון דעם איל** זענען צעהן אַנטקעגען די צעהן סטרונעס פון דוד המלך׳ס פידעל, אויף וועלכען ער האָט געשפּילט. כדי צו פאַרשטעהן דעם דאָזיגען ענין, וועלען מיר פריהער פאָרשטעלען אַ בילד פון דעם לעבען פון אונזערע מלכים, און פון דעם לעבען פון די מלכים פון אַנדערע פעלקער. דער אונטערשיד צווישען זיי איז: די מלכים פון אַנדערע פעלקער האַלטען זיך נישט אָפּ פון צו געניסען פון אַלע וועלט-פאַרגעניגענס, וואָס דאָס מויל קען נאָר אויס-דריקען, איז פאַר זיי נישט שווער אויסצופיהרען. זיי האָבען זיך נישט אָפּגעהאַלטען פון קיין שום גענוס, אַפילו ווען דאָס האָט געקאָסט מענשען-לעבענס. למשל, די טעאַטרען פון די רוימער, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט פאַר׳ן קייזער. גרויסע באַקאַנטמאַכונגען מיט קידוש-לבנה-ווערטער זענען אויסגעקלעפּט געוואָרען אין אַלע עקען פון די רוימער גאַסען וואָס גיבען צו וויסען נייעס, אז אין דעם און דעם באַשטימטען טאָג וועט פאַרקומען אַ פרעכטיגע פאָרשטעלונג. פופציג מענשען, נאַקעטע, ווי אין טאָג פון זייער געבוירען, וועלען אריינגעוואָרפען

ווערען אין א לייבען-שטייג צו קעמפען מיט די לייבען. צו דעם צוועק, הונגערט מען אוים די לייבען. און דער קייזער מיט זיין כבוד אליין וועט אויך זיין אנוועזענד ביי דער פארשטעלונג. און אין אמת, צו וואס דארפען מיר ברענגען גרויזאמע ביישפיעלען פון דער פארגאנגענער עפאכע. לאמיר זיך צוקוקען צו די מעשים, וועלכע ווערען אפגעטאן אין אונזער עפאכע, אין וועלכער מיר לעבען, פאר אונזערע אויגען. למשל: די וועלט-מלחמה, וועלכע האט זיך אנגעהויבען אינ'ם יאהר תרע"ד פון אלף הששי. די גאנצע וועלט טרינקט זיך אין בלוט. מען באנוצט זיך מיט אלע מינים כלי משחית, מיט אלערליי גיפטען און גאזען אום צו פארגיפטען די וועלט און איהרע איינוואוינער. אלע הונגערען. יעדער ברעקעל ברויט ווערט צוגעוואויגען פאר יעדער פערזאן ביז א מינימום. די ערפינדונג פון באגרעניצען דעם מאגען, איז ערפונדען געווארען דורך דעם טיראנישען קייזער וו. און די באגרעניצונג איז אויף זיין באפעהל אנגעווענדעט געווארען פאר אלע מענשען, אבער נישט פאר איהם און זיין פאמיליע. דאס האט זיך ארויסגעוויזען, ווען מען האט איהם אראפגעזעצט פון זיין מלוכה-טראן. מען האט געמאכט א רעוויזיע אין זיין קעניגליכען הויף, און מען האט דארט געפונען פון אלערליי שפייזען און געטראנקען, וועלכע וואלטען גענוג געווען צו באשפייזען מיט דיזעם די גאנצע לאנד אויף לאנגע צייטען.

**אצינד** וועלען מיר זעהען דאָס לעבען פון איינעם פון אונזערע העלדישע קעניגען. ווי אַזוי ער האָט געלעבט אין מלחמה־צייט. מיר האָבען געהאַט אַ קעניג, אַ קריעגס־העלד מיט׳ן נאָמען דוד בן ישי. אין דער גאַנצער צייט פון זיין קעניגען, האָט ער נישט גע־האַט קיין איין רוהיגען טאָג. שטענדיג איז ער געווען פאַרנומען מיט גרויסע מלחמות מיט זיינע אַרומיגע שכנים. דאָס זענען: די פלשתים, עמון, מואב און די יבוסים און אַז. וו. דער היסטאָריקער פון יענער צייט דערצעהלט (שמואל ב׳ קאַפּיטעל כ״ג), אַז: איינמאָל, ווען דוד האָט זיך געפונען מיט זיין אַרמעע אויפ׳ן מלחמה־פּלאַץ, און די פלשתים זענען געשטאַנען אין בית לחם, האָט זיך דוד׳ן פאַרוואָלט אַ טרונק וואַסער פון דעם ברונעם אין בית לחם, האָט ער זיך אויסגע־דריקט מיט די ווערטער: אוי, ווי באַקומט מען איצט אַ טרונק וואַסער פון דעם ברונעם אין בית לחם! האָ־בען זיך גלייך אַדורכגעריסען דריי גבורים דורך דער פלשתים־מחנה, און האָבען אָנגעשעפּט וואַסער פון דעם ברונעם און האָבען געבראַכט צו דוד׳ן. אָבער דוד האָט פון די וואַסער נישט געוואָלט טרינקען, און האָט אויסגעגאָסען פאַר ג־ט, זאָגענדיג: „זאָל מיך ג־ט היי־טען צו טאָן אַזאַ זאַך, דען דאָס וואָלט געהייסען גלייך ווי איך וואָלט געטרונקען דאָס בלוט פון די מענשען, דען זיי האָבען דאָך זייער לעבען איינגעשטעלט ברענ־גענדיג דאָס וואַסער״. די דאָזיגע ערצעהלונג איז פאַר אונז גענוג, צו וויסען דעם גרויסען אונטערשיד פון

דעם גרויסען טיראַנישען קעניג פון דעם לעצטען יאָהר־הונדערט, וועלכער האָט געקיניגט אין אַ לאַנד, וועלכע איז אויסערליך פול מיט דער היינטיגער קולטור און מאָראַל, ביז צו דעם קעניג, וועלכער האָט געלעבט מיט דריי טויזענט יאָהר צוריק. אונזער קעניג, ווען ער האָט זיך געפונען אויף מלחמה־פעלד, זיינען נישט נאָכגעפאָהרען נאָך איהם וועגענער, אָנגעלאָדען מיט פאַרשידענע געטראַנקען, און ווען ער איז געווען דור־שטיג האָט ער פאַרלאַנגט נאָר געוועהנליכע ברונעם־וואַסער. און די דאָזיגע געוועהנליכע וואַסער האָט ער נישט געוואָלט טרינקען, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז עס איז געבראַכט געוואָרען מיט מסירת נפש. נאָך אַ ביישפּיל פון זיין לעבען. עס ווערט דערצעהלט אין תנ״ך: ווען ער איז שוין געזעסען אין זיין הויז און ג־ט האָט איהם שוין באַרוהיגט פון אַלע זיינע אַרומיגע פיינד, האָט ער געזאָגט צו נתן הנביא: „זעה נאָר, איך זיץ זיך אין אַ הויז, געבויט פון צעדערען, און ג־ט׳ס ארון זיצט אין א געצעלט פון „יריעות, ליילעכער״, נאָך די אַלע פּלאָגען און צרות, וועלכע ער האָט איבער־געטראָגען, די אויסערליכע און אינערליכע מלחמות, ווען ג־ט האָט איהם שוין געהאָלפען, און אַלע זיינע פיינד האָבען שוין מיט איהם שלום געמאַכט, פון אַלע מלחמות איז ער אַרוים אַ זיעגער, — האָט ער זיך נישט געפיהרט ווי אַלע מלכים, וועלכע ווען זיי זיע־גען אין זייערע מלחמות און זיי דערגרייכען זייער ציעל, הויבען זיי אָן צו זוכען אַלע פאַרגעניגענס פאַר זיך, צו באַרייזען די וועלט, דורך יבשה און דורך ים, אום

זיך צו זעטיגען מיט די פאַרגעניגענס פון יעדען לאַנד. אָבער אונזער קעניג, דער צדיק, נאָך פיעל יאָהרען פון צרות און וואַגלונגען, שפירט ער ביי זיך, אז ער איז נישט ווערט צו האָבען אזא פאַרגעניגען, ווי צו זיצען אין אזא רייכער הויז. און נאָך מעהר קען דאָס איהם נישט באַקומען, ווען עס קומט איהם אויפ'ן געדאַנק, אַז ג-ט'ס ארון געפינט זיך אין אַ געצעלט פון יריעות, ער געפינט זיך מאָראַליש פאַרליכטעט און גיסט זיך אוים אין זיין הייליגער פאָעזיע: „שיר המעלות, זכור ה' לדוד את כל ענותו אשר נשבע לה', נדר לאביר יעקב. אם אבוא באהל ביתי, אם אעלה על ערש יצועי, אם אתן שנת לעיני, לעפעפי תנומה, עד אמצא מקום לה', משכנות לאביר יעקב". דאָס הייסט: ער בעט זיך ביי ג-ט: געדענק דוד'ס אַלע ליידען, וועלכער האָט געשוואָרען צו ג-ט און אַ נדר געטאָן צום שטאַרקען ג-ט פון יעקב. אויב איך וועל קומען אין מיין הויז, אויב איך וועל אַרויפגעהן אויף מיין אויסגעבעטען בעט, אויב איך וועל צולאָזען אַ שלאָף פאַר מיינע אויגען, און אַ דרימעל צו מיינע ברעמען, ביז איך וועל געפינען אַן אָרט פאַר ג-ט, אַ וואוינונג פאַר'ן שטאַרקען ג-ט פון יעקב. ווער נאָך פון אַלע וועלט-קעניגען איז געווען אַזוי געיאָגט און פאַרפאָלגט, ווי דער דאָזיגער קעניג אונזערער. די פאַרפאָלגונגען און צרות, וועלכע ער האָט געליטען אין זיין לעבען פון די וועלט-רשעים, האָבען איהם געמאַכט פאַר אַ סימבאָל פון די פאַרפאָלגטע, און בפרט פאַר אונזער פאָלק. דאָס אלעס וואָס האָט פאַסירט

סירט מיט אונזער דאָזיגען קעניג, האָט אויך פּאַסירט מיט אונזער פאָלק. ער האָט זעהר פיעל געליטען פון איינעם פון זיינע זיהן, מיט דעם נאָמען אבשלום, מיט לאַנגע, שעהנע האָר. און זיין סוף איז געווען, אַז ער איז אויף זיינע האָר אויפגעהאַנגען געוואָרען. צוליעב דעם זוהן האָט ער געליטען און אויך מיר ליידען. וויפיעל קרבנות פון אונזערע ברידער זענען געבראַכט געוואָרען צוליעב דעם זוהן מיט די לאַנגע האָר, וועלכען מען האָט גערופען אבשלום?! וויפיעל ימים טרעהרען האָבען אויסגערונען פון אונזערע אויגען צוליעב דעם זוהן?! דוד המלך, וועלכער איז באַלאָדען מיט אַזוי פיעל צרות, געניסט נישט פון דער קעניגליכער קרוין און שטאָלצירט נישט מיט'ן קעניגליכען טראָן, נאָר באַשעפטיגט זי מיט שאלות פסק'ענען. ער איז ווייט פון די קעניגליכע פאַרגעניגענס, נאָר איין פאַרלאַנג האָט ער. און דאָס איז: צו בויען אַ הויז פאַר ג-ט! און ווען זיין הייליגער פאַרלאַנג און ווילען איז נישט ערפיהלט געוואָרען, באַפעהלט ער צו זיין זוהן שלמה'ן, וועלכער וועט קעניגען נאָך איהם, אַז ער זאָל פאַרווירקליכען דעם דאָזיגען פאַרלאַנג זיינעם, ער זאָל בויען אַ הויז פאַר ג-ט. „דוד האָט געזאָגט צו זיין זוהן שלמה, איך האָב געדענקט צו בויען אַ הויז פאַר ג-ט. נאָר ג-ט האָט צו מיר געזאָגט: צופיעל בלוט האָסטו פאַרגאָסען, צופיעל מלחמות האָסטו געפיהרט, דערפאַר ביסטו נישט דער פּאַסענדער מענש צו בויען אַ הויז פאַר מיר. דיין זוהן, וועלכער וועט זיין אַ רוהיגער

מענש, ער וועט בויען פאַר מיר אַ הויז". דוד שטאַרבט, איבערלאָזענדיג זיין זוהן שלמה די דאָזיגע צוואה. זיין צוואה איז אַנדערש, ווי די צוואות פון אַנדערע קעניגען צו זייערע זיהן. אַלע קעניגען גיבען צו וויסען זייערע זיהן אין זייערע צוואות, וועגען די אוצרות פון גאָלד און זילבער, וועלכע זיי לאָזען זיי איבער. אָבער דוד רעדט נישט מיט זיין זוהן וועגען אַזעלכע מינדערווער־דיגקייטען, נאָר באַפעהלט איהם וועגען דעם פאָלקס־בנין, צו בויען אַ הויז פאַר ג־ט. און נאָר צו דעם האָט ער צוגעגרייט זיינע אוצרות. די סיבה פון דעם כאַראַק־טער פון דער איידעלער נשמה פון אונזער קעניג — צו זיין אַ מלחמה־פיהרער, באַצווינגער פון לענדער, הייליגער דיכטער, וועלכער גיסט אוים זיינע געדאַנקען פאַר ג־ט אין זיינע מזמורים, וועלכע שפּאַלטען הימלען, זיין גאַנצער ווילען און שטרעבונג איז צו בויען אַ הויז פאַר ג־ט. זיצט אויף דעם קעניגליכען טראָן און זיינע הענט זענען איינגעריכט מיט אַזעלכע געגענשטאַנדען, וועלכע האָבען צו טאָן מיט פאַרשידענע שאלות, ווי שאלות נשים און אַז. וו. דעם איידעלען כאַראַקטער איז מיט'ן פשוט'ן שכל נישט מעגליך צו באַגרייפען.

**אין מסכת ברכות** דף ג' און אין מסכת סנהדרין, ערקלערט דאָס רבי שמעון חסידא אין זיין מאמר: ער זאָגט, אַז אַ פידעל איז געהאַנגען איבער דוד'ס בעט און ווי עס איז אָנגעקומען האַלבע נאַכט האָט אַ צפון־ווינט געבלאָזען אין דעם פידעל, און

ער האָט פון זיך אַליין אָנגעהויבען שפּיעלען. די ווער־טער זענען זיכער נישט קיין פּשוט'ע. ערשטענ'ס, איז נישט צום פאַרשטעהן, ווי אַזוי שפּיעלט דאָס אַ פידעל פון זיך אַליין יעדען טאָג, אין דער זעלביגער צייט, פּונקט האַלבע נאַכט. אויך איז נישט צו פאַרשטעהן, ווי האָט דאָס אַ צפון־ווינט געבלאָזען אין פידעל. איז דאָס מעגליך, אַז דעם קעניג'ס שלאָף־צימער זאָל זיין אָפען, אַז ווינטען זאָלען אריינבלאָזען אין איהם. גע־ווים איז דער מאמר געזאָגט געוואָרען אינ'ם זין פון מיין געדאַנק. און אָט וואָס מען קען וועגען דעם זאָגען: עס איז באַוואוסט, אַז מוזיק ווערקט דעם מענשענ'ס נערוועץ. דער רושם, וואָס די מוזיק מאַכט אויפ'ן מענ־שען, ווענדעט זיך אין זיין נערוועץ־סיסטעם. פרויען זענען מעהר עמפינדליך פון מענער. ווען זיי הערען מוזיק, ווערען זיי אַזוי עמפינדליך, אַז זיי הויבען אָן צו טאַנצען. ווער עס איז מעהר עמפינדליך, ווירקט אויף איהם די מוזיק מעהרער. מיר געפינען ביי שאול המלך, ווען די מעלאַנכאָליע איז איהם באַפאַלען, האָט דוד געשפּיעלט פאַר איהם און גלייך איז די מעלאַנכאָליע פון איהם אָפּגעטראָטען. די גמרא דערצעהלט אונז די סיבה פון דוד'ס דערהויבענער שטימונג און זיין באַ־גייסטערונג, אַז איבער זיין בעט איז געהאַנגען אַ פּי־דעל. די בעט איז דער סימבאָל פון שלאָף. דערצעהלט אונז די גמרא דאָס, ווען דוד האָט געוואָלט שלאָפען, ד. ה.: אָפּרוהען פון אַרבייטען זיין הייליגע אַרבייט, דאַן האָט אַ צפון־ווינט געבלאָזען אין זיין פידעל. די

כוונה דערפון איז: דער גייסט, וועלכער איז באַהאַלטען. דאָס וואָרט צפון באַדייט אין העברעאיש „באַהאַלטען”, אינעווייניג, אין זיין נשמה, בלאָזט אין זיין פידל, וועקט זיינע געפיהלען און טרייבט איהם נישט צו איינשלאָ־פען, נאָר לערנען תורה און זיך באַשעפטיגען מיט די אינטערעסען פון פאָלק. פון וואַנען איז געקומען צו דוד׳ן די דאָזיגע פידעל אינעווייניג, אין זיין נשמה? די פראַגע פאַרענטפערט אונז ר׳ חנינא בן דוסא: אַז די אָדערען פון דעם איל, וועלכען אברהם האָט מקריב געווען אָנשטאָדט זיין זוהן, זענען צעהן, אַנטקעגען די צעהן סטרונעס פון דוד׳ס פידעל, וועלכער האָט גע־שפילט פון זיך אַליין: אברהם, דער ארומוואַנדערער, דער געפּרובטער מיט צעהן פּרובען, איז מקריב זיין בן יחיד אויפ׳ן מזבח כדי צו הייליגען ג־ט׳ס נאָמען. די סטרונעס פון דעם קרבן האָבען געשפילט אין דוד׳ס האַרץ, וועקען איהם און לאָזען איהם נישט שלאָפען; וועקען איהם צו בויען ג־ט׳ס הויז. דער דאָזיגער פידעל שפיעלט אויך אין אונזערע נשמות. און די בענקשאַפט צו ג־ט׳ס הויז ווערט פאַרגרעסערט, און פון דער טי־פעניש פון אונזער נשמה הערט זיך דער קרעכץ פון דעם פאָלק: „אזכרה אלקים ואהמיה בראותי כל עיר על תלה בנויה ועיר אלקים מושפלת עד שאול תחתיה”. דאָס הייסט: „איך דערמאָן זיך ג׳ און דאָס האַרץ וועה־טאָגט מיר, ווען איך זעה, אַז יעדע שטאָדט און לאַנד ווערט אויפגעבויט און אויפגעריכט, נאָר ג־ט׳ס שטאָדט איז נאָך אַלץ דערנידעריגט”.

## דער אונטערשיד צווישען אונזערע הייליגע און די הייליגע פון אַנדערע פעלקער

**מען דערצעהלט** וועגען דעם קעניג ריכאַרד לייבען הארץ, אַז זיין געוואוינהייט איז געווען צו הרג'ענען יעדען יאָהר אַ געוויסע צאָהל מענשען און ביים ענדע יאָהר פלעגט ער אַרויפזעצען די קרוין אויף זיין קאָפּ און די שווערד אויף זיין זייט און איז גע־גאַנגען צום באַוואוסטען גייסטליכען, וועלכער פאַר־גיט די זינד. ווען ער איז צו איהם אַריינגעקומען, האָט ער מיט איין האַנט געהאַלטען די שווערד און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער איהם דערלאַנגט אַ גאָלדענע שיסעל מיט גאָלדענע מטבעות, און ווען דער מוחל עונות האָט צוגענומען די שיסעל גאָלד, האָט ער דעם קעניג באַשפּריצט מיט די באַוואוסטע וואַסער און מיט'ן פולען מויל געזאָגט: „וסר עוניך וחטאתך תכופר". דאָס הייסט: דיינע זינד ווערט פון דיר אַראָפּגענומען און עס ווערט דיר פאַרגעבען. אזוי האָט זיך געפיהרט אַ באַוואוסטער הייליגער פון די אומות.

**איצט** וועלען מיר ברענגען אַ ערצעהלונג פון איינעם פון אונזערע הייליגע. אחאב, דער אידישער קעניג, האָט גענומען פאַר אַ פרוי די טאָכטער פון דעם קעניג פון צידון. אחאב איז נישט געגאַנגען אין ג־ט'ס וועגען, און אמיינסטען האָט ער געזינדיגט מיט דעם,

וואָס ער האָט זיך געלאָזט באַווירקען פון זיין פרוי, די צידונית, און האָט נישט פּראָטעסטירט געגען איהרע שענדליכע מעשים, וועלכע זי האָט מיטגעבראַכט פון איהר לאַנד. זי האָט איינגעפיהרט אין ארץ ישראל געצענדינעריי. ער האָט אויך נישט פּראָטעסטירט געגען די רציחות, וועלכע זי איז באַגאַנגען איבער די נביאים. און אזוי איז ער געפאַלען וואָס אַמאָל אלץ נידעריגער און נידעריגער אונטער דער ווירקונג פון זיין פרוי. איינמאָל האָט זיך אחאב'ן פאַרגלוסט דעם וויינגאָרטען פון נבות היזרעאלי, וועלכער האָט זיך געפונען נעבען זיין פּאַלאַץ. אחאב האָט איבערגערעדט מיט נבות'ן, ער זאָל איהם פאַרקויפען דעם וויינגאָרטען, אָדער ער זאָל זיך בייטען מיט איהם אויף אַן אַנדערען. נבות האָט אָבער נישט געוואָלט ערפיהלען זיין פאַרלאַנג, ווייל דער וויינגאָרטען איז געווען אַ ירושה פון זיינע עלטערען. דאָס האָט אחאב'ן זעהר פאַרדראָסען. ער איז געקומען אין הויז אַנ'אומעטיגער און אַ טרויעריגער. ווען זיין פרוי איזבל האָט איהם געפרעגט, וואָס איז די אורזאַך פון זיין שלעכטער שטימונג, האָט ער דערצעהלט וועגען דעם וויינגאָרטען. האָט איהם זיין פרוי געזאָגט, ער זאָל זיך עס נישט נעהמען צום הארצען, זי וועט זיך שוין באַמיהען, אַז דער וויינגאָרטען זאָל זיין זיינער. וואָס האָט זי געטאָן? זי האָט געדונגען צוויי נידערטרעכטיגע מענשען, וועלכע זאָלען פאַלש עדות זאָגען, אַז נבות האָט געלעסטערט ג-ט און דעם מלך, און מען האָט נבות'ן פאַר'משפט

צום טויט. ווען אחאב האָט געהערט, אַז נבות לעבט שוין נישט מעהר, האָט ער דאַן צוגענומען דעם וויינ־גאָרטען. אויף די גאַסען פון שומרון איז אַ טומעל. אַט פאָהרען דער קעניג אחאב און די קעניגין איזבל אין זייער קאַרעטע, וועלכע איז געשפּאַנט מיט פיער גאַ־לאָפּירענדע עגיפּטישע פערד. פאַר דער קאַרעטע רייט דער בירגערמייסטער (סיטי מער) פון שטאָדט, אויף אַ ווייסען פערד און נאָך איהם אַ מחנה פּאָליציאַנטען אויף שעהנע פערד. די פערד גאַלאָפּירען. און פּלוצ־לינג באַווייזט זיך אַ מענש מיט לאַנגע האָר, אַרומגע־גאַרטעלט מיט אַ לעדערנעם גאַרטעל. דער נאָמען פון דעם מענש איז אליהו הנביא. ער פאַרהאַלט די קאַרע־טע, לאָזט איהר ווייטער נישט פאָהרען. און עס הערט זיך ווי אַ דונער זיין שטימע: „כה אמר ה׳, הרצחת וגם ירשת? ! במקום אשר לקקו הכלבים את דם נבות, ילקו הכלבים את דמך גם אתה וגם לאיזבל דבר ה׳ לאמר: הכלבים יאכלו את איזבל בחל יזרעאל”. דאָס הייסט: אַזוי האָט געזאָגט ג־ט: האָסט ערמאָרדעט און אויך גע׳ירש׳נט? אויף דעם אָרט, וואו די הינט האָבען געלעקט דאָס בלוט פון נבות, וועלען די הינט לעקען דיין בלוט אויך. און אויך וועגען איזבל האָט ג־ט גע־זאָגט: די הינט וועלען עסען איזבל׳ען אין טאָל פון יזרעאל. דאָס איז אונזער אַ הייליגער.

**ווען מיר וועלען** זיך פרעגען: ווי אַזוי קען דאָס אַ בשר ודם דערגעהן צו אַזאַ מדרגה פון

מסירת נפש פאַר'ן אמת, קענען מיר באַקומען פאָלגענ־
דען ענטפער פון ר' חנינא בן דוסא: „די פעל פון דעם
איל, איז דער גאַרטעל פון אליהו הנביא". דער געטלי־
כער כח פון אליהו הנביא איז די פעל פון דעם איל.
די מסירת נפש פון אברהם אבינו איז איינגעוואָרצעלט
געוואָרען אויף דור דורות, און די מעשים פון אברהם
אבינו זענען דער פונדאַמענט צו די גרויסע מעשים
פון אַלע צדיקים אין יעדען דור.

## דאָס אחדות איז אַ פאָרבאַרייטונג צו תורה און צו גאולה

**דער רעיון** פון רבי חנינא בן דוסא'ס ווערטער:

„די צוויי הערנער פון איל: מיט דעם לינ־
קען האָט ג־ט געבלאָזען אויפ'ן באַרג סיני אין דער
צייט פון מתן תורה. ווי עס ווערט געזאָגט: „ויהי קול
השופר הולך וחזק", און מיט דעם רעכטען, וועלכער
איז גרעסער פאַר'ן לינקען וועט ג־ט מיט איהם בלאָזען,
ווען משיח וועט קומען און עס וועט זיין קבוץ גליות".
לויט ווי מיר ווייסען, איז דער שופר אַ מיטעל אויף צו־
נויפזאַמלען, ווען מען וויל צונויפזאַמלען מענשען,
בלאָזט מען מיט אַ שופר. ווען מען רעדט וועגען
אחדות, איז דער סימבאָל דערצו דער שופר. איינע פון
די זכיות, וואָס מיר האָבען צוליעב דעם זוכה געווען

מקבל צו זיין די תורה, איז געווען די אחדות. ווייל די תורה דאַרף זיין גאַנץ ביי יעדען איינעם פון די מקבלים. און דאָס איז אַן אומעגליכע זאַך, אז יעדער איינער זאָל קאָנען מקים זיין די גאַנצע תורה. דעריבער האָבען אונזערע חכמים געזאָגט: „כל ישראל ערבים זה לזה”. דאָס הייסט, אַלע אידען זענען פאַראַנטוואָרטליך איינער פאַר'ן צווייטען. יעדע מצוה, וואָס אַ איד איז מקים ווערט צוגערעכנט אויך צום חשבון פון כלל ישראל. למשל: פיעל מצוות פון די זעקס הונדערט און דרייצעהן מצוות קענען נאָר די כהנים מקים זיין, אָבער נישט קיין ישראל. און פאַרקעהרט, פיעל מצוות קען נאָר אַ ישראל מקים זיין, אָבער נישט די כהנים. אָבער צוליעב די ערבות פון כלל ישראל, האָט יעדער איד אַ חלק אין דער מצוה, וואָס אַ צווייטער איד האָט געטאָן. דעריבער, ווען זיי זענען געקומען צום באַרג סיני נעהמען די תורה, האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק פעראייניגט מיט איין האַרץ. אַזוי ווי מיר געפינען אין מכילתא, אויפ'ן פסוק „ויחן שם ישראל נגד ההר”, ווערט דאָרט געבראַכט אין רש"י הקדוש: ויחן שם ישראל כאיש אחד בלב אחד, אבל שאר החניות היו בתרעומות ובמחלוקת. דאָס הייסט, אַז נור ביים באַרג סיני זענען זיי געווען, ווי איין מענש, מיט איין האַרץ, אָבער ביי די איבעריגע ערטער איז געווען ביי זיי פאַרדרוס און קריגערייען. ביי קבלת התורה האָט נישט געקענט זיין קיין פרוד הלבבות. די אחדות איז דער פונדאַמענט צו נעמען די תורה. אַנדערש וואָלט

נישט מעגליך געווען מקבל צו זיין די תורה. און אויב מיר ווילען פרעגען: פונוואנען האט זיך גענומען דאן ביי די אידען דער כח זיך צו פאראייניגען צו דער תורה, אזוי ווי איין מענש, מיט איין הארץ? זיי זענען דאך נאר וואס ארוים פון מצרים, און די שמוץ פון דער קנעכטשאפט איז נאך נישט געהאט אראפ פון זיי, טא ווי האבען זיי שוין געקענט קומען צו אזא הויכער מדרגה זיך צו פאראייניגען, ווי איין מענש, מיט איין הארץ? אויך ווערט געפערגט אויף דער צוקונפטיגער גאולה, אויף ווילכער מיר האפען, אז ג-ט וועט אונז אויסלייזען א פאלקאמע אויסלייזונג און וועט אונז ברענגען אין אונזער לאנד, ווי קען דאס גאר מעגליך זיין? מיר זענען דאך צושפרייט און צו־זייט אין אלע עקען פון דער וועלט, ווייט איינער פון צווייטען, מאטריאליש און גייסטיג. עס האבען זיך פארמעהרט ביי אונז די סעקטעס, און די מיינונגס־פארשידענהייט. וואס ביי איין סעקטע איז הייליג, איז ביי דער צווייטער טמא. אויך מיט וויכטיגסטע ענינים פון יהדות רעכענען זיי זיך נישט. און די פאר־שידענהייט אין די מיינונגען איז מבטל יעדעס הייליג־טום פון פאלק. עס הערשט א כאאס אין אונזער לעבען. צי דען ביי אזא צושטאנד קען מעגליך זיין א גאולה, א באפרייאונג?

**אין מסכת פסחים** דף נ״ו געפינט זיך: „בקש יעקב לגלות לבניו את קץ הימין״. יעקב האט גע־

וואָלט ענטדעקען פאַר זיינע קינדער דעם קץ, זענען זיינע ערשטע ווערטער געווען: „האספו ואגידה לכם אשר יקרא אתכם באחרית הימים". זאַמעלט זיך צונויף, וועל איך אייך זאָגען, וואָס מיט אייך וועט פּאַסירען אין די לעצטע צייטען. ער האָט זיי געזאָגט, דאָס די ערשטע זאַך זאָלען זיי וויסען זיין, אַז מען דאַרף צו דער גאולה זיך איינזאַמלען, זיין אחדות. פרעגט זיך די פראַגע: מיט וואָס פאַרא כח קענען מיר זיך פאַר־איינינגען, ווי איז דאָס מעגליך, נאָך אַזאַ צושפּרייטונג איבער דער גאַנצער וועלט? אויך די פריהערדיגע פראַגע פון קבלת התורה. נאָר דאָס האָט שוין רבי חנינא בן דוסא אויפגעקלערט אין זיין מאמר: די צוויי הערנער פון דעם איל: מיט דעם לינקען האָט ג־ט געבלאָזען אויף'ן באַרג סיני, ביים נעהמען די תורה, ווי עס ווערט געזאָגט: „ויהי קול השופר". דער לינ־קער האָרען פון איל, דאָס איז דער פאַרבאָרגענער כח, וואָס איז אין אונז איינגעוואָרצעלט געוואָרען, דער פונ־דאַמענט פון אחדות און מסירת נפש צו דער תורה איז אַוועקגעלייגט געוואָרען דאַן, ווען אברהם אבינו האָט געוואָלט מקריב זיין יצחק'ן פאַר אַ קרבן עולה. און יצחק האָט שוין דאַן געשפּירט, אַז ער געהט מיט זיין פאָטער צו דעם צוועק, צו זיין אַ קרבן אויף'ן מזבח. יצחק האָט געזעהן די צוגריטונגען: דאָס פייער, דעם מעסער און די האָלץ, אָבער דער שעפּס איז ניטאָ. און דאָך זענען זיי געגאַנגעןביידע צוזאַמען. „וילכו שניהם יחדו". דער פאָטער מיט'ן זוהן, דער אַלטער מיט'ן יונ־

גען האָבען זיך נישט צוטיילט אין זייערע מיינונגען. אָט דער דאָזיגער כח איז איינגעוואָרצעלט געוואָרען אין אונז. דער האָרען פון דער עקדה איז פאַר אונז געוואָרען דער סימבאָל פון שופר, וועלכער רופט צו פאַראייניגונג ביי קבלת התורה, אונטער איין פאָהן. צו זיין ווי איין מענש מיט איין האַרץ און צו ענט־פערען צוזאַמען מיט איין קול: „נעשה ונשמע". און דער רעכטער האָרען, וועלכער איז אַ גרעסערער פון לינקען, מיט וועלכען עס וועט געבלאָזען ווערען ביים קבוץ גליות, ווי עס ווערט געזאָגט: „והיה ביום ההוא יתקע בשופר גדול ובאו האובדים בארץ אשור והנדחים בארץ מצרים". — „און עס וועט זיין אין יענעם טאָג, ווען עס וועט געבלאָזען ווערען מיט'ן גרויסען שופר, און עס וועלען קומען די פאַרלוירענע פון לאַנד אשור און די פאַרשטויסענע פון דעם לאַנד מצרים". דאָס הייסט, אַז אויב מקבל צו זיין די תורה ביים ארויס־געהן פון מצרים, איז גענוג געווען דעם כח פון לינקען האָרען, אום זיך צו פאַראייניגען, און עס איז נישט נויטיג געווען דער כח פון רעכטען האָרען, ווייל דאַן איז נישט געווען די צושפּרייטונג און אָפּזונדערונג אַזוי שטאַרק. די צוטיילונג פונ'ם פאָלק און די מיי־נונגס־פאַרשידענהייט איז נאָר באַשטאַנען אין איין זאַך, נעמליך: איין צד — די צדיקים, וועלכע זענען געווען געניגט צו פרייהייט און צו דינען ג־ט אין ארץ ישראל, און דער צווייטער צד, וועלכער איז גע־ווען געניגט צו קנעכטשאַפט, צום עסען פון די אוגער־

קעם און ציבעלעס. דעריבער, פאַר צוויי אָדער דריי סעקטעס איז גענוג געווען דער שופר פון דעם לינקען, דעם שוואַכערען האָרען. דאַגעגען, ביי דעם לעצטען גלות, ווען מיר זענען צוזייט און צושפּרייט אין אַלע עקען פון דער וועלט, צובראָכען מאַטעריאַליש און גייס־טיג; אין יעדען ווינקעל קריגערייען; יעדען טאָג וואַקסען אוים ביי אונז נייע גלות־סעקטעס, ווי שוואָ־מען נאָכ׳ן רעגען; די מחלוקת און דער פרוד הלבבות שטאַרקען זיך פון טאָג צו טאָג: אַ זוהן באַליידיגט זיין פאָטער, אַ טאָכטער שטעלט זיך געגען איהר מוטער, אַ שנור געגען אַ שוויגער, די הויז מענשען פון יעדען איינעם זענען איהם שונאים; נישטאָ ביי קיינעם קיין אמת. — אום צונויפצוזאַמלען און צו פאַראייניגען אַזאַ צוזייטע און צושפּרייטע פאָלק, מוז געבלאָזען ווע־רען מיט אַגרויסען שופר, וועלכער איז געמאַכט גע־וואָרען פון דעם רעכטען האָרען, וועלכער איז דער גרעסערער. און מיט דעם געהיימען כח, וואָס איז אין אונז איינגעוואָרצעלט געוואָרען דורך דעם רעכטען האָרען פון דעם איל, צו געהן צוזאמען דער אַלטער מיט דעם יונגען, דער פאָטער מיט׳ן זוהן, די מוטער מיט דער טאָכטער, וועלען מיר זוכה זיין צו: וכל הנדחים והאובדים ישתחוו לה׳ בהר הקודש בירושלים, — אַלע פאַרטריבענע און פאַרלוירענע וועלען קומען זיך בוקען צו ג־ט אויף דעם הייליגען באַרג, אין ירושלים.

# פאררעדע וועגען תהלים

**דער תהלים** איז נישט בלויז אונזער׳ס אַ הייליגער ספר, נאָר ער איז אַ טייל פון אונזער נשמה.

דער תהלים איז מיט אונז פון אונזער קומען אויף דער וועלט, ביז׳ן אַוועקגעהן פון דער וועלט, ווי דאָס אידי־שע קינד געהט אַרוים אויף דער וועלט, הענגט אי־בער זיין קעפּעלע „שיר למעלות אשא עיני״. די יונגע חברים׳לעך זיינע קומען איהם וויזיטירען מיט קריאת שמע, מאַכען איהם הערען „ויהי נעם״, „ה׳ מה רבו צרי״, זיי דערצעהלען איהם שוין אַ מעשה מיט „מה רבו צרי — רבים קמים עלי״ (ווי פיעל זענען מיינע צוררים פיעל שטעהען אויף מיר). דער תהלים איז מיט אונז אין דאַווענען, נאָכ׳ן דאַווענען, צו קבלת שבת, ביי שבת אַוועקגאַנג, ביי קידוש לבנה, ראש חודש און יום טוב. ווען חס ושלום מען איז נישט געזונט, הערען זיך די אומעטיגע טענער פון „יענך ה׳ ביום צרה״, ווען „חס ושלום מען באַגלייט צו דער אייביגער רוה, איז ווייטער „ויהי נעם, יושב בסתר״. מיט איין וואָרט, אין ליידען און פריידען איז דער תהלים מיט אונז. מיר ריהרען זיך נישט אָהן דעם תהלים. געגוג טרערען אונזערע איז אין איהם איינגעזאַפּט. יעדע שורה איז א טייך מיט טרערען. יעדער בלאַט אין א ים מיט

טרערן. מיר האָבען דעם תהלים פיעל דערצעהלט אונ־זערע הערצער. פון שונאים, צוררים, פון גזרות, פון קראַנקייט און פון מגפות. מיט טוליען זיך אַרום דעם תהלים. און מיט דעם תהלים וועלען מיר נאָך זאָגען אינגיכען הלל אויף די ישועות ונחמות, וואָס מיר ערוואַרטען.

**אויפ'ן תהלים** איז שוין געשריבען פיעל פרושים (ערקלערונגען), נאָר עס איז נאָך נישט געענדיגט. עס איז נאָך דאָ וואָס. וואָס אַ מאָדנע צרה, וואָס אַ מאָדערנער צורר, געפינט זיך אין תהלים אַ וואָרט וועגען זיי. מען געפינט אין תהלים שונאים: רעכטע, לינקע, מעסיגע, עקסטרעמע, רעאַקציאָנערען, ראַדיקאַלען. ג־ט זאָל אונז פון די אַלע רעטען. אונזער משורר אלקי (געטליכער פּאָעט), קעניג דוד עליו השלום, האָט אין זיין טראַגישען לעבען געזעהן די טראַגעדיע פון דעם אידישען פאָלק אין פּאָליטישען און אין עקאָנאָמישען לעבען אין זיין לאַנד, און איבער־הויפּט אין די גלות־לענדער. עס רייסט זיך אַרוים פון טיפען הארצען דער ביטערער פאָלקס־קרעכץ: „אלי, אלי למה עזבתני". (ג־ט, מיין ג־ט, וואָס האָסטו מיר פארלאָזען). „למה יאמרו הגוים איה נא אלקיהם". (וואָרום זאָלען זאָגען די פעלקער, וואו איז עס דער ג־ט פון די אידען). „שפטני אלקים וריבה ריבי, מגוי לא חסיד וגומ'". „משפּט מיר ג־ט, און קריעג זיך מיין קריעג פון דעם אומערצויגענעם פאָלק א. א. וו.".

אין גמרא פסחים דף קי״ז ווערט געבראכט: כל שירות ותושבחות שאמר דוד בספר תהלים, רבי יהושע אומר, כנגד צבור אמרן: דאָס הייסט אז אלע געזאַנגען און לויב וואָס דוד האָט געזאָגט אין ספר תהלים זאָגט רבי יהושע דאָס דוד האָט דאָס געזאָגט אין נאָמען פון פאָלק. דער תהלים, וואָס מיר נוצען איהם מעהר און פאַרטיפען זיך אין איהם, גרינגערט ער דעם שמערץ אונזער'ן און ברענגט אַ ליכט און אַ פרייד אין אונזער אידישער נשמה. איך האָב געפונען אַ פליכט נישט צו פאַר־מיידען פון די, וואָס וועלען לערנען מיין ספר, אויך איינינע ווערטער, וועלכע איך האָב באַמערקט אין תהלים. איך גלויב, אַז די באַמערקונגען זענען לאָגיש און פאַרשטענדליך.

**המחבר.**

**תהלים א׳.** „אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים ובדרך חטאים לא עמד ובמושב לצים לא ישב״, (גליקליך איז דער מענטש וואָס איז נישט גע־גאנגען אין די עצות פון רשעים, און אין דעם וועג פון זינדיגע איז ער נישט געשטאַנען, און אין דער זיצונג פון אָפּשפּעטערס איז ער נישט געזעסען). אין דעם פסוק זעהט מען, אז עס איז פאַנאַנדער געטיילט פארשידענע קאַטעגאָריעס, און פארשידענע טוהונגען, ביי נישט געהן אין די עצות פון רשעים, ביי נישט שטעהן אין דעם וועג פון זינדיגע, ביי נישט זיצען אין געוויסע פלע־צער פון אָפּשפּעטער. איך האָב געזעהן אין א חסידישען ספר מיט דעם נאָמען „תפארת עוזיאל״, וואָס ער דער־קלעהרט דיזעס, אז עס איז באוואוסט דאָס דעם מענ־שענס לעבען איז צוטיילט אין דריי פעריאָדען, אין פארשידענע צייטען אין לעבען: די יוגענד, די מיטעל־יאָהרען, און די עלטער. די יוגענד, איז די צייט די געהענדיגע, דאָס מיינט די שטייגענדיגע, וואָס דער מענש ווערט אלע מאָהל שטאַרקער, ער איז אין די רעכטע קרעפטען; איז אויף יענער צייט ווען דער מענש פיהרט זיך נישט ריכטיג, איז דאָס מיט דעם געהן, דאָס מיינט ער שטאַרקט זיך אין דער עבירה וואָס ער קען חס ושלום צוקומען צו עצת רשעים, צו

דעם ערגסטען באגריף. אָבער די מיטעלע יאָהרען, דאַן איז שוין נישט מיט דער שטאַרקייט נור מיטעל-מעסיג, עס קען זיך שוין נישט טאָן די רשעות אזוי שטאַרק מיט שטייגען, נור מען קען חס ושלום צוקומען אין דעם בעשטאַנד פון די זינדיגע, שוין נישט רשעים, אָבער זינדיגע. און ווען עס קומט די עלטערע יאָהרען, ווען דער מענש געהט שוין באַרג אַראָפּ, אויף דער צייט איז די מליצה, עס געהט זיך שוין נישט און עס שטייט זיך שוין נישט, נור מען זיצט שוין. אויב עס זינדיגט זיך איז שוין נישט מיט געהן, און נישט מיט שטעהן, נור מיט זיצען. די עבירה טהוט זיך שוין גאָר שוואך. מען קען נור זינדיגען מיט דעם זיצען אין א מושב לצים און דאָס גלייכען.

תהלים ז׳ י׳. „יגמר נא רע רשעים ותכונן צדיק״. זאָל זיך ענדיגען די שלעכטס פון די רשעים, וועט זיך באפעסטיגען דער צדיק. דער געדאנק פון דעם איז, דאָס דער רשע טהוט זיין שלעכטס אונטער א פאַר־מאַסקירטען פנים, מען זאָל די רשעות נישט אַרויסזעהן. דאָס איז די ערגסטע. קיינער פאַרשטעהט נישט, וואָס דער רשע מיינט מיט זיין טאָן. זוכט מען נישט זיך מציל צו זיין. זאָגט אויף דעם דוד המלך ע״ה: יגמר נא רע רשעים, זאָל שוין פאַרענדיגט ווערען, זאָל שוין פאַרטיג ווערען די שלעכטס פון די רשעים, ווע־לען אַלע שוין זעהן דעם רשע׳ס ווילען, וועט דאַן דער צדיק זיך קענען אַרומזעהן און פאַרפעסטיקען זיך.

**תהלים ט״ו.** עס איז פארהאַן אין ירושלמי שקלים, סוף פרק ג׳: „תני רבי מאיר אומר: כל מי שהוא קבוע בארץ ישראל ומדבר בלשון הקודש ואוכל חוליו בטהרה (פירותיו בטהרה) וקורא קריאת שמע, שחרית וערבית, יהיה מבושר שבן עולם הבא הוא״. דאָס הייסט, אַז דער וואָס באַזעצט זיך אויף שטענדיג אין ארץ ישראל און רעדט לשון הקודש און עסט זיינע פרוכטען אין ריינקייט, און לייענט קריאת שמע אין פריהמאָרגען און אין אָווענט, ווערט איהם אָנגעזאָגט, אַז ער איז אַ בן עולם הבא. אין ירושלמי שבת, פרק א׳, איז דער נוסח: „מובטח לו שהוא בן עולם הבא״. ווערט איהם געזיכערט, אַז ער איז אַ בן עולם הבא. ווי עס ווייזט אויס לעהרענט אונז דער געטליכער תנא ר׳ מאיר: וואָס עס זענען די הויפּט־פּונקטען פון דעם יודענטום, וואָס דורך זיי איז מען זוכה צו עולם הבא. און ער רעכענט אויס כסדר: די מצוה פון ישוב ארץ ישראל. דאָס איז איינע פון די גרעסטע מצוות, וואָס ביי איהר שטעהט געשריבען „וירשתם אותה וישבתם בה״. רעדען אויף לשון קודש איז אויך אַ גרויסע מצוה. אַזוי ווי עס געפינט זיך אין רמב״ם, אין אבות, אויפ׳ן מאמר: „הוי זהיר במצוה קלה כבחמורה״, זאָלסט זיין פאָרזיכטיג מיט אַ קליינער מצוה, אַזוי ווי מיט אַ גרויסער — אַז דאָס מיינט דעם למוד פון לשון הקודש. אַ שטיצונג צו דעם רמב״ם׳ס רייד קענען מיר געפינען אין דער תורה. ווען יעקב אבינו האָט גע־שלאָסען אַנ׳אָפּמאַך מיט לבנ׳ען, שטעהט דאָרט: ויעשו

גל, „ויקרא לו לבן יגר שהדותא, ויעקב קרא לו גלעד״. דאָס הייסט: אַז זיי האָבען געמאַכט אַ באַרג פון שטיינער. לבן האָט איהם גערופען יגר שהדותא, אויף דער אַראַמעאישער שפּראַך, און יעקב האָט פּראָטעסטירט אויף די נישט לשון קודש׳דיגע רופען, און ער האָט דאָס גערופען אויף לשון קודש גלעד. דערפון זעהען מיר, אַז מען דאַרף מקפּיד זיין אויף דער ענדערונג פון שפּראַך, זיך נישט צו באַנוצען מיט אַנדערע שפּראַכען, נור מיט לשון קודש. יעקב מיט זיינע קינדער האָבען דאָך געווים געקענט אראמעאיש. זיי זענען דאָך געוועזען אַ צייט ביי לבן אין הויז. פונדעסטוועגען האָט יעקב נישט געוואָלט דעם אָרט אָנרופען מיט אַ פרעמדער שפּראַך, נאָר אין לשון הקודש. און אויב מען וועט פרעגען, פאַרוואָס איז אין קריאת שמע געשריבען דאָס וואָרט לטוטפות, וועלכעס באַדייט תפילין, און אין מסכת סנהדרין, דף ד׳, געפינען מיר: „דריש רבי עקיבא, טט בכתפי שתים, פת באפריקי שתים״, דאָס הייסט, אַז דערפאַר הייסט תפילין טוטפות, ווייל אין דער מדינה כתפי רופט מען אויף צוויי דעם וואָרט „טט״, און אין דער מדינה אַפריקי, רופט מען אויף צוויי דעם וואָרט „פת״, זעהען מיר דאָך דאָס די תורה אַליין באַנוצט זיך מיט אַ פרעמדער שפּראַך? אויף דעם איז פאַרהאַן אין של״ה הקדוש (מסכת פסחים, חלק מצה עשירה, דרוש לשבת הגדול, וואָס איז געפאַלען פרשת מצורע), וועלכער ברענגט רש״י׳ם רייד אין חומש אויף דעם פסוק: „לזאת יקרא אשה, כי מאיש

לקחה", לשון נופל על לשון. מכאן שנברא העולם בלשון הקודש. דער של"ה הקדוש דרינגט פון רש"י'ס רייד, אַז דער פונדאַמענט פון אַלע שפּראַכען איז געווען לשון הקודש, און מיר, דאָס אידישע פאָלק, האָבען זוכה געווען זי צו באַקומען מעהר פון אַלע. און פון די אַלע זיבעציג לשונות איז נישטאָ איינע, וועלכע זאָל זיך נישט געפינען אייניגע ווערטער פון לשון קודש, און די ווערטער: „טט", „פת" זענען אויך פון לשון קודש. נאָר זיי זענען אויסגעמישט געוואָרען אין די שפּראַכען פון כתפי און אפריקי, און אַזוי אַרום געפינען זיך נישט אין דער תורה קיין פרעמדע שפּראַכען. איז, לויט ווי איך האָב געבראַכט, איז דער למוד פון לשון הקודש געווים אַ גרויסע מצוה.

**קריאת שמע** איז אויך א מצות עשה מן התורה.

די מיינונג פון פרי חדש און אורח חיים, סימן ס"ז, אז „שמע", „והיה אם שמוע", זענען מצוות עשה פון דער תורה, און אפילו נאָך דער מיינונג פון דעם שאגת אריה אין ש"א, סימן א', וואָס איז נישט מיט דער מיינונג פון פר"ח. אָבער דאָס איז נאָר אין דער פרשה „והיה אם שמוע", זאָגט ער, אַז דאָס איז נישט מן התורה, אָבער די ערשטע פרשה האַלט ער אויך, אַז דאָס איז מן התורה. און עסען פירות בטהרה (ריינערהייט) איז אויך געווען אַ מנהג חברים, דאָס הייסט: דער העכערער קלאַס איז געווען אָפּגעהיט אין ריינקייט. זיי האָבען זיך געהיט נישט צו עסען טמא'

ערהייט. דער דאָזיגער מאמר איז אונז וואונדערליך: ערשטענס, וואָס האָט דאָס דער תנא געזעהן אין דעם עסען בטהרה (ריינערהייט) אַזאַ גרויסע מצוה, אַז די אָפּגעהיטע אין דעם זאָלען זיין געזיכערט פאַר דעם מיט עולם הבא? אויך דאַרף מען פאַרשטעהן דעם גאַנצען מאמר. אויב דער תנא איז מיט דעם אויסען געוועזען אונז וויסען צו מאַכען די הויפּט-פּונקטען פון יודענטהום, וואָס דורך זיי איז מען פאַרזיכערט מיט עולם הבא, האָט דאָך די גמרא געדאַרפט ברענגען דעם דאָזיגען מאמר אויף דעם אָרט, וואָס זי רעכענט דאָרט אוים די הויפּט-פּונקטען פון יודענטהום. דאָס איז אין מסכת מכות, דף כ״ד.

## די הויפּט-פּונקטען פון יודענטהום

**אין מסכת מכות,** דף כ״ד איז פאַרהאַנען: „דרש רבי שמלאי, תרי״ג מצות נאמרו למשה בסיני, שס״ה לאוין כמנין ימות החמה, רמ״ח עשה כנגד איבריו של אדם. אמר רב המנונא, מאי קרא? תורה צוה לנו משה מורשה, תורה בגימטריה שית מאה וחד סרי הוין „אנכי״ „ולא יהיה״ מפי הגבורה שמענום. בא דוד והעמידם על י״א, דכתיב, תהלים ט״ו, „מזמור לדוד, ה׳, מי יגור באהליך, מי ישכון בהר קדשך? הולך תמים, ופועל צדק, ודובר אמת בלבבו, לא רגל על לשונו, לא עשה לרעהו רעה, וחרפה לא נשא

על קרובו, נבזה בעיניו נמאס, ואת יראי ה׳ יכבד, נשבע להרע ולא ימיר, כספו לא נתן בנשך, ושוחד על נקי לא לקח, עושה אלה לא ימוט לעולם״. דאָס הייסט: „רבי שמלאי האָט גע׳דרש׳נט: זעקס הונדערט און דרייצען מצוות, וועלכע זענען געגעבען געוואָרען צו משה׳ן אויפ׳ן באַרג סיני באַשטעהען פון דריי הונ־דערט פינף און זעכציג לאווין (דאָס איז געבאָטען, וואָס מען טאָר נישט טאָן), אַזוי ווי די צאָהל פון די טעג פון דער זון, צוויי הונדערט אַכט און פערציג עשה׳ס (דאָס איז געבאָטען, וואָס מען דאַרף טאָן), לויט די צאָהל גליעדער פון דעם מענשען. זאָגט רב המנונא צו דעם אַ רמז אין פסוק: „תורה צוה לנו משה״, תורה — באַ־טרעפט די צאָהל זעהס הונדערט און עלף״. און אנכי און ולא יהיה האָבען מיר געהערט פון ג־ט אליין איז צוזאַמען זעקס הונדערט און דרייצעהן. אויך דער רמב״ם און דער סמ״ג רעכענען „אנכי״ „ולא יהיה״ פאַר צוויי מצוות — אנכי איז אַ מצות עשה, און „ולא יהיה״ איז אַ לא תעשה. [מיין מיינונג אין דעם איז: אַז דעריבער אפילו די אפיקורסים, וועל־כע לייקענען אין די מצוות התורה, איז די מעהרהייט פון זיי מודה אין די צוויי מצות פון „אנכי״ „ולא יהיה״, ווייל די צוויי דערמאָהנטע מצוות זע־נען געהערט געוואָרען פון ג־ט׳ס מויל אַליין, דעריבער האָבען זיי זיך איינגעקריצט אין די אידישע נשמות אויף אייביג, אָבער די איבעריגע דברות, וועלכע זענען געזאָגט געוואָרען פון ג׳, דורך משה׳ן, האָבען

נישט געמאַכט אַזאַ שטאַרקען איינדרוק אין זייערע נשמות, ווי יענע צוויי מצוות, דעריבער צייטענווייז הערשט איבער זיי גיכער כפירה]. איז געקומען דוד און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויף עלף, ווי אין תהלים, קאַפּיטעל ט״ו אין „מזמור לדוד״ רעכענט דוד די אַלע: „ווער איז ראוי צו וואוינען אין דיינע געצעלטען, ווער איז ראוי (ווערט) צו רוהען אויף דיין הייליגען באַרג: א) דער וואָס געהט אין ערליכען וועג: ב) טהוט גערעכטיגקייט; ג) רעדט דעם אמת, ווי ער טראַכט אין זיין האַרץ; ד) רעדט נישט קיין לשון הרע; ה) טהוט קיינעם נישט קיין שלעכט׳ס: ו) ברענגט נישט קיין שאַנדע אויף זיינע פריינד; ז) דער נידערטרעכטיגער מענש — איז ביי איהם פאַראַכטעט; ח) און די גאָטספאַרכטיגע טהוט ער שעצען; ט) פאַרבייט נישט זיין שבועה, ווען ער האָט אפילו געשוואָרען זיך שלעכטס צו טאָן; י׳) זיין געלד האָט ער נישט געגעבען אויף פּראָצענט( אינטערעס); יא) האָט קיין שוחד (אונטערקויף) נישט גענומען. דער וואָס טהוט די אַלע, וואָס איז אויסעגרעכענט, וועט קיינמאָל נישט אונטערגעהן״. הולך תמים — דאָס איז אברהם, ווי ביי איהם שטעהט געשריבען: „התהלך לפני והיה תמים״. די תמימות פון אברהם אבינו זעהען מיר אויף יעדען טריט און שריט. אייןביישפּיעל: ג׳ זאָגט איהם צו צו געבען ארץ ישראל: „קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה, כי לך אתננה״. „שטעה אויף און געה דורך דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט, ווייל דיר האָב איך

אוועקגעגעבען". אם ענדע, ווען אברהם האָט געדאַרפט האָבען אַ קבר מקבר צו זיין זיין פרוי שרה, די צדקת, האָט ער געמוזט קויפען אַ קבר, נאָך פיעל באַמיהונ־גען און בקשות, און פאַר אַטייערען פרייז, פאַר פיער הונדערט זילבערנע שקלים, און דאָס די בעסטע שקלים. און אברהם איז נישט געקומען מיט קיין פרעטענסיע צו ג', נאָר ער האָט דאָס אָנגענומען פאַר ליעב, צוליעב זיין גרויסער תמימות און עהרליכקייט. הלואי וואָלטען מיר אָפּגעהיט דעם עיקר, און מיר וואָלטען געגאַנגען אין זיינע וועגען, אויך צו זיין אַזוי עהרליך, ווי ער, אין דער פראַגע פון ארץ ישראל, און נישט צו קומען אַלע מאָל מיט די באַוואוסטע פאַלשע טענות: וואָס וויל מען פון אונז? טאָג־טעגליך הערען מיר נאָר ארץ ישראל, ציון און ירושלים. פאַר דעם געלט, וועלכען מען האָט שוין געזאַמעלט פאַר ארץ ישראל, וואָלט מען שוין געקענט אָפּקויפען צעהן אַזעלכע לענדער, ווי ארץ ישראל. די קריטיקער'ס ווילען נישט פאַר־שטעהן, אַז אום צו פאַררעכטען איין גאַס אין אַ גרוי־סער שטאָדט פון די פאַראייניגטע שטאַטען אין אַמע־ריקא, גיט מען אוים מעהר געלט, וויפיעל מען האָט געזאַמעלט אויף ישוב ארץ ישראל. די טענות און פרע־טענסיעס האָבען געבראַכט צו דעם, אַז די געזעלשאַפט־ליכע טהוער האָבען נישט געקענט פיהרען זייער אַגי־טאַציע־אַרבייט אין דער געהעריגער אָרדנונג: שטיל, רוהיג, און נישט מיט קולי קולות, אַזוי ווי זיי זענען געוועזן געצוואונגען צו טהון. אויף יעדען שקל דאַרף מען

בלאָזען דרייסיג מאָל דרייסיג קולות. פאַר יעדען מאָל האָט מען פאַרעפענטליכט אין די צייטונגען, אז מען האָט געקויפט אַזוי פיעל און אַזויפיעל דונאַם ערד. ביי יעדער אַגיטאַציע, וואָס מען האָט געפיהרט האָט מען פאַרעפענטליכט אַ פרישע נייעס: היינט האָט מען געקויפט אַ מיליאָן דונאַם ערד ביי דעם און דעם אַראַבער. אויך האָט מען פאַרעפענטליכט אַנאָנימע נדבנים, וועלכע האָבען מנדב געווען צעהנדליגער טויזענטער פונטען. דאָס האָט מען געטאָן, כדי צו וועקען דעם חשק ביי אונזערע רייכע ברידער עפּעס צו טאָן פאַר אונזער לאַנד. אָבער דער שאָדען, וואָס דאָס האָט געבראַכט איז געווען גרעסער פון דעם פאַרדינסט, ווייל די אַלע פאַרעפענטליכונגען האָבען אַבסאָלוט נישט געהאָלפען אויף צו וועקען אונזערע ברידער. דאַגעגען האָבען זיי געהאָלפען אויפצו-וועקען דעם נאַציאָנאַלען געפיהל ביי די אַראַבער, און זייער שנאה צו די אידען. מיט אונזערע גוזמא'דיגע פאַרעפענטליכונגען האָבען זיך באַנוצט די אַראַבישע פיהרער אום אויפצו-ווייזען זייער המון, ווי דאָס אידישע פאָלק פאַרשטאַרקט זיך אינ'ם לאַנד, און יעדען טאָג ווערען געקויפט נייע שטחים ערד, און די שונאים האָבען אָנגעהויבען צו פיהרען אַגיטאַציע געגען אונזער פאָלק אין אַלע זייערע אויפרופען, האָבען זיי זיך באַנוצט מיט'ן אַלטען באַקאַנטען פזמון: „ישראל עליך", „אידען געהען אויף דיר". און די אַלטע טענה: „פן ירבה ופן יפרץ" האָט נישט אויפגעהערט און מיט אַלע כחות האָבען זיי זיך

באמיהט, מען זאָל פאַרבאָטען צו פאַרקויפען צו אידען ערד, האָבען געשיקט דעלעגאַציעס קיין לאָנדאָן, כדי זיך צו באַמיהען אָפּצושאַפען אונזערע רעכט אויף ארץ ישראל. מיט אַלע מיטלען קעמפט מען געגען אונזער פאָלק. נעמליך: נישט צו ערלויבען דאָס אַריינקומען קיין ארץ ישראל; צו פאַרבאָטען אונז צו פאַרקויפען ערד, און ווער עס פאַרקויפט שוין אונז ערד, פאָדערט ער דעם גרעסטען פּרייז, וואָס איז גאָר אונגלויבליך, אום צו קויפען אַ שטיקעל ערד אין ארץ ישראל, דאַרף מען זיין פון די רייכסטע אין גלות. דאָס וואָס מיר האָבען פאַרדינט פון דער זאַמלונג פון קרן היסוד דורך דער גרויסער אַגיטאַציע, האָבען מיר פאַרלוירען צוליעב די גרויסע פּרייזען, וואָס מיר האָבען געצאָהלט די אַראַבער. ווען פון אונזערע ברידער ג-ט האָט געבענשט מיט אַ גרויסען פאַרמעגען, קען ער נאָך צוקומען צו אַ שטיקעל באָדען אין ארץ ישראל. אָבער די מיטעלע, און אפילו די מעהר פאַרמעגליכע זענען דאָס נישט אימשטאַנד. נאָר ג-ט זאָל זיך דערבאַרעמען אויף אונז. דאַכט זיך, אז עס וואָלט גלייכער געווען, מען זאָל בלאָזען די תקיעות בלחש. דאָס הייסט, אַ ביסעל שטילער. נישט אַזוי פיעל טומלען, נאָר זיך צו פאַראינטערעסירען אַ ביסעל אויך מיט די יחידים, וועלכע קומען אין לאַנד, און בפרט מיט אונזערע ברידער, די פרעמדע און די פאַרוואָגעלטע פון דעם לאַנד, וואָס די מעהרהייט אידען פון זיי וואָלטען געמעגט נעהמען מעשר עני. זאָלען מיר זיך באַנוצען מיט דער מידה

פון אברהם אבינו צו זיין תמימים, צו גלויבען אין ג־ט, און אין זיין צוזאָג, וואָס ער האָט צוגעזאָגט: „לך אתננה". לאָמיר אַלע צוזאַמען אַרבייטען לטובת דער באַפרייאונג פון אונזער לאַנד און פאַר אונזער אייגענער באַפרייאונג. נישט מיט טומעל און געשרייען, נור שטי־לערהייט און געלאַסען זאָלען מיר אַרבייטען און מתפלל זיין. און ג־ט וועט העלפען! מיר אַלע דאַרפען זיין פאַר־בארייט אויסצונוצען יעדע צייט, וואָס איז געוואונשען, פאַר דער באַפרייאונג. לאָמיר זיך שטאַרקען, פאַר אונ־זער פאָלק, פאַר אונזער לאַנד!

## די באַדינגונגען פון די אַרבייטער און די אַרבייטס-געבער

„**ופועל צדק** כגון אבא חלקיה", פון וועלכען עס דער־צעהלט אונז די גמרא אין מסכת תענית:

איינמאָל זיינען געקומען די חכמים צו אבא חלקיה, ער זאָל מתפלל זיין אויף רעגען, און ער איז געווען אַ טאָג־אַרבייטער. ווען די חכמים האָבען איהם געגעבען שלום, האָט ער זיי נישט געענטפערט, כדי נישט איבערצורייי־סען די אַרבייט. און ביי דער אַרבייט האָט ער אַרויפ־געטאָן דעם מאַנטעל אויף איין אַקסעל, ווייל אויף דעם צווייטען אַקסעל האָט ער געטראָגען האָלץ, און דער

מאַנטעל איז געווען אַ געבאַרגטער, און ער האָט איהם געבאָרגט צו געהן אין איהם, אָבער נישט אויף צו טראָגען אויף איהם האַלץ. אַזוי האָט ער אויפגעקלערט די חכמים". דוד המלך ע"ה האָט זיך פאַראינטערעסירט צו זוכען די סיבה, וואָס צייט די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען האָבען נאָך נישט אויפגעהערט צו זיין מלחמות אויף דער וועלט, און נאָך יעדער מלחמה פאַרזאַמלען זיך דעלעגאַטען פון אַלע מדינות, קומען מיט פאַרשידענע פאָרשלאַגען, ווי צו שאַפען אייביגען שלום, זוכען מיטלען און עצות מבטל צו מאַכען די מלחמות און צו ברענגען פרידען, ברודערשאַפט און ליעבע צווישען אַלע פעלקער, אויסצורייסען די שנאה און נקמה פון די הערצער. אַזוי מאַכט מען איין פאַר־זאַמלונג נאָך דער צווייטער, מען האַלט שעהנע רעדעס, פאָרשלאַגען אויף פאָרשלאַגען. יעדער דעלעגאַט לעגט פאָר אַזאַ פאָרשלאַג, וועלכער שטימט מיט'ן גייסט, וואָס הערשט אין זיין לאַנד. אַזוי זיצט מען וואָכען און חדשים און מען זוכט עצות. דער סוף פון די אַלע אסיפות איז אַזוי, ווי עס ווערט דערצעהלט אַ געשיכ־טע: ערגעץ אין אַ שטאָדט האָבען זיך איינגלעך דעם גאַנצען יאָהר אַרומגעקריגט צווישען זיך. ווען עס איז אָנגעקומען ערב יום כפור האָבען זיי זיך געשראָקען פאַר'ן יום הדין און האָבען זיך איבערגעבעטען. און עס איז געוואָרען שלום צווישען זיי. ווען עס איז אַריבער יום כפור, נאָך מעריב, ווען זיי זענען געגאַנגען פון שוהל אַהיים, האָבען זיי געשמועסט צווישען זיך וועגען

דעם געדאַנק פון „מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד”. דאָס הייסט ווי גוט און ווי אַנגענעם איז ווי מענשען לעבען צווישען זיך בשלום. און באמת, האָבען זיי ווייטער פאַרטגעזעצט זייער שמועס, צו וואָס האָבען מיר זיך געדאַרפט קריגען אַ גאַנצען יאָהר! און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען צווישען זיי אַ וויכוח. יעדער איינער פון זיי האָט אַרויפגעוואָרפען די שולד אויפ׳ן צווייטען, דאָס ער האָט אַרויסגערופען דעם קריעג. און דער צווייטער האָט געענטפערט: פאַרקעהרט, אַז יענער איז געווען דער ערשטער. אַזוי האָט זיך פונדאַסניי צופלאַקערט דער פייער פון מחלוקת צווישען זיי. דאָס זעלבע קומט פאָר אויך אויף די פריעדענס־קאָנפערענצען צווישען די דעלעגאַטען פון אַלע מדינות. נאָך די שמועסען הויבען זיך אָן וויכוחים און נאָך די וויכוחים — מחלוקת. ביז עס קומט צו פרישע מלחמות, מיט נייע פאַרשידענע כלי משחית. יעדע נייע מלחמה צייכענט זיך אוים מיט מעהר אכזריות און מיט דער צאָהל גע׳הרג׳עטע פון דער פריהערדיגער. ווען מיר קוקען אויבערפלעכליך, דאַכט זיך, אז מיר לעבען אין אַ תקופה פון „ומלאה הארץ דעה”. דאָס הייסט, אין אַ צייט פון אַ וועלט פול מיט וויסענשאַפט, אין אַ דור פון חכמים, וועלכע ערפינדען יעדען טאָג נייע ערפינדונגען. אָבער ווען מיר אינטערעסירען זיך מיט די רעזולטאַטען פון די נייע ערפינדונגען, זעהען מיר, אַז כמעט די מעהרהייט פון זיי ווערען באַנוצט צו רויב און מאָרד. דוד המלך האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט

דעם און איז געקומען צום באַשלוס: אַז די מלחמות זענען אָפּהענגיג פון דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון דער וועלט. און דאָס איז די הויפּט-סיבה פון אַלע מלחמות. פון דעם קומט דער קלאַסען-קאַמף, דאָס הייסט: דער קאַמף צווישען די אָרימע און די רייכע, צווישען די אַרבייטס-נעהמער און די אַרבייטס-געבער. דאָס איז דער יסוד פון אַלע מלחמות. די אַרבייטער טענה'ן, אַז זיי זענען די וועלט-בויער. זיי גראָבען, בויען, האַקען שטיינער, קנעטען ליים, מאַכען ציגעל, און אַזוי ווייטער. אַלץ, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אויף דער וועלט, איז דורך זיי געשאַפען געוואָרען, מיט זייער כח און שוויים. און דער סוף איז, אַז נישט זיי געניסען פון דעם אַלעמען, נאָר גאָר אַנדערע, וועלכע האָבען אויף דעם נישט געהאָרעוועט. פאַר זיי, די אַרבייטער, איז גענוג אַ שטיקעל טרוקען ברויט און אַן איינפאַכער מלבוש, אַ לאַטע אויף אַ לאַטע. ווער געניסט פון זייער האָרעוואַניע? די, וועלכע אַרבייטען מיט זיי, וואָס זיי אַליין האָבען נאָך נישט געפּרובט אַריינצוטאָן אַ פינגער אין קאַלטען וואַסער. זייער גאַנצע אַרבייט איז נאָר צו זיין הערשער און באַפעהלער אויף אונז. מיר זאָלען אַרבייטען די שווערסטע אַרבייט, זיי אליין אָבער טוען גאָרנישט, נאָר עסען און טרינקען פונ'ם שענסטען און בעסטען, בויען זיך פּאַלאַצען, קליידען זיך אין שענע קליידער, לעבען אַ גליקליכען לעבען, זיי און זייערע קינדער. און מיר, וועלכע אַרבייטען מיט שוויים אויפ'ן פּנים אונזער גאַנ-

צען לעבען, הונגערען, געהען אוים פאַר אַ שטיקעל ברויט, וואוינען אין שמוציגע דירות. אויך פאַר אונ־זערע קינדער לאָזען מיר איבער נאָך אונז דעם נויט און פיין בירושה. און די אַרבייטס-געבער טענה'ן, אַז די אַרבייטער זענען נישט גערעכט מיט זייערע טענות. אמת, מיר לעבען טאַקע אין בעסערע און גינסטיגערע באַדינגונגען פון די ארבייטער, אָבער דאָס איז נישט קיין אומזיסטע מתנה פאר אונז, נאָר עס קומט אונז אַזאַ לעבען. מיר האָבען דאָס כשר פארדינט, ווייל מיר זיינען די רעדער פונ'ם לעבען, די טרייב־קראַפט פון אלע שאַ־פונגען פון דער וועלט. אמת טאַקע, אַז די אַרבייטער שוויצען און האָרעווען, אָבער ווען נישט מיר, וואָלטען אַלע אַרבייטער אויסגעגאַנגען פון הונגער. אַ באַווייז דערצו איז, אַז ווען די אַרבייטער שטרייקען, כדי מען זאָל זיי העכערען דעם לוין און פאַרקלענערען די אַר־בייטס-צייט, און ווען מיר שפאַרען זיך איין און ווילען זיי גאַרנישט נאָכגעבען, מיר שליסען די פאַבריקען און אַרבייטס-וואַרשטאַטען, דאַן געהען די אַרבייטער אוים פון הונגער. מעהרסטענטיילס קומען זיי צו אונז מיט געבויגענע רוקענס און בעטען אונז רחמנות צו האָבען אויף זיי און אויף זייערע פרויען און קינדער, זיי צו געבען אַרבייט, זאָגאַר פאַר'ן קלענסטען פרייז. און דאָס זעלבע קומט פאַר אויך צווישען די אָרימע און די רייכע. די אָרימע טענה'ן, אַז ווען נישט זיי, די אָרימע־לייט, וואָלטען די רייכע נישט צוגעקומען צו זייער רייכטהום. דער בעסטער באַווייז איז דאָס, וואָס מיר

זעהען, אַז דער רייכער, וועלכער וואוינט אין אַ קליינער שטאָדט, איז נישט גלייך מיט זיין עשירות צום רייכען, וועלכער וואוינט אין אַ גרויסער שטאָדט, ווייל די רייכ-קייט פון די רייכע איז אָפּהענגיג פון דער צאָהל פון די אָרימע. לויט דער צאָהל פון די אָרימעלייט און דער גרויס פון זייער אָרימקייט, איז די צאָהל פון די רייכע און די גרויס פון זייער רייכקייט. דער רייכער ווידער טענה'ט: אַז אדרבה, ער איז דער ברויטגעבער און ער שאַפט דעם לעבען. אומעטום, וואו ער, דער רייכער, געפינט זיך איז ער די טרייב-קראַפט אין דעם ראָד פון פרנסה. ער פיהרט מסחרים, בויט שטעדט און ד. גל. דער קלאַסען און פּאַרטייען-קאַמף, ווי אויך דער פּאָ-ליטישער קאַמף, האָבען זיך אָנגעהויבען פון דעם טאָג, וואָס מענשען זענען באַשאַפען געוואָרען, און לענדער זענען געגרינדעט געוואָרען.

**דער מדרש רבה** ספר בראשית, פרשה כ"ב, זאָגט אויפ'ן פסוק: „ויאמר קין אל הבל אחיו, ויהי בהיותם בשדה": צוליעב וואָס האָבען זיי, קין און הבל זיך געקריעגט? זיי האָבען צווישען זיך אָפּ-געמאַכט, זיי זאָלען צווישען זיך איינטיילען די וועלט. איינער האָט גענומען דעם באָדען, די ערד, און איינער האָט גענומען די מטלטלין, דאָס באַוועגליכעס. נאָכהער איז אויסגעבראָכען צווישען זיי אַ מחלוקה. דער האָט געזאָגט: די ערד, אויף וועלכער דו שטעהסט, איז מיינס, און דער האָט געזאָגט: דאָס, וואָס דו געהסט

אויף זיך אָנגעטאָן, איז מיינס. דער האָט געזאָגט: ציה אַראָפּ פון זיך דיינע קליידער, און דער האָט געזאָגט: פליה אין דער לופט. און אַזוי אַרום איז: „ויקם קין אל הבל אחיו ויהרגהו". איז קין אויפגעשטאַנען און האָט גע'הרג'עט זיין ברודער הבל. יעדער וואָס האָט נאָר אָפענע אויגען זעהט: אַז דער מדרש באַטאָנט דעם פונקט, וואָס איז דער פונדאַמענט פון דער מחלוקת צווישען די פּאַרטייען און קלאַסען. קין, דער אייגענטימער פון די פעלדער און וויינגערטנער, טענה'ט, אַז ער איז דער הערשער איבער אַלץ. ער איז דער באַזיצער פון דער ערד, און אַלע מוזען צו איהם אָנקומען אומעטום. וואו נאָר א פוס טרעט, איז עס זיינס. הבל, דאַגעגען, טענהט, אַז ער איז די טרייב-קראַפט פון דער וועלט; אַז ער מיט זיין שוויים אויף זיין גע־זיכט און מיט האָרעוואַניע פון זיינע הענט, וועלכער אַרבייט אין די פאַבריקען, איז דער עיקר. ווען נישט ער און זיין אַרבייט: דאָס שערען די וואָהל און אַזוי ווייטער, וואָלטען די מענשען געגאַנגען נאַקעט. דער האָט גע'טענה'ט, אַז דער וואַרשטאַט איז זיינער, און דער האָט גע'טענה'ט, אַז ער איז דער שעפער. דער האָט געזאָגט: פליה אין דער לופט, ווייל די ערד איז מיינע, און דער האָט גע'טענה'ט: ציה אַראָפּ, וואָס דו טראָגסט אויף זיך, אַלע ערפינדונגען פון דער וועלט זענען מיינע. אַזוי לאַנג האָבען זיי זיך דיסקוטירט, ביז דער שטאַרקער האָט ערמאָרדעט דעם שוואַכען.

אונזער הייליגע תורה לערענט אונז איינצושטילען די מלחמה. דער מיטעל דערצו איז: נישט צו דריקען דעם ארבייטער: סיי מיט דער אַרבייט, נישט צו אַרבייטען מיט איהם שווערע אַרבייט, און סיי מיט דעם לוין. ערנערען און שפייזען איהם בכבוד. אַזוי ווי אין דער תורה שטעהט: „כי טוב לו עמך". „איהם זאָל גוט זיין ביי דיר". אין דער גמרא קידושין, דף כ׳, ווערט אויף דעם פסוק גע׳דרש׳נט „עמך במאכל, עמך במשתה". דער ארבייטער דאַרף זיין גלייך צו דיר, סיי מיט׳ן עסען, סיי מיט׳ן טרינקען. „דו זאָלסט נישט עסען קיין וויים ברויט, און דער אַרבייטער — שוואַרץ ברויט. דו זאָלסט נישט טרינקען אלטען וויין און דעם אַר־בייטער געבען נייעם וויין. דו זאָלסט נישט שלאָפען אויף בעטגעוואַנט פון פעדערען, און דער אַרבייטער זאָל שלאָפען בלויז אויף שטרוי. לויט דעם קומט אויס, אַז דער, וועלכער קויפט זיך אַ אידישען קנעכט איז גלייך, ווי ער וואָלט געקויפט א בעל־הבית איבער זיך אליין". דאָרט אין תוספות, דף כ׳, ווערט געבראַכט אין נאָמען פון ירושלמי: אז אין פאַל, ווען דער ארבייטס־געבער האָט נאָר איין קישען, דאַרף ער אַוועקגעבען דעם אַרבייטער, און ער זאָל שלאָפען אָהן אַ קישען. אין די גמרות בבא קמא, דף קט״ז, און בבא מציעא, דף י׳ און דף ע״ז, ווערט געבראַכט די רייד פון רב: אַז אַן׳ארבייטער קען חרטה האָבען אפילו אין האַלבען טאָג, ווייל אין דער תורה איז געשריבען: „כי לי בני ישראל עבדים", עבדי הם, ואין עבדים לעבדים. דאָס

הייסט: ג-ט זאָגט, אַז די אידען זענען מיינע קנעכט, און א קנעכט קען נישט זיין ביים צווייטען א קנעכט. די באַציהונג פונ'ם ארביימס-געבער צום ארבייטס-נעמער, לויט אונזער תורה, איז געבויט אויף יושר און מאָראַל, ווען דער אַרבייטס-געבער וואָלט זיך באַגאַנגען מיט דעם אַרבייטער אַפילו נאָר אויף פופציג פּראָצענט, לויט ווי די תורה זאָגט, וואָלט דאַן געוועזן שלום צווי־שען די פּאַרטייען און קלאַסען.

דוד המלך עליו השלום, אַלס קעניג, האָט זיך פאַר־אינטערעסירט מיט דער פסיכאָלאָגיע פון דעם ארבייטער, און האָט גוט פארשטאַנען, די באַדינ־גונגען פון דער תורה, וועלכע פאַרפליכטען דעם אַר־בייטסגעבער צו פאַרבעסערען און צו פאַרגרינגערען דאָס לעבען פון דעם אַרבייטער. אויף טריט און שריט וואָרענט די תורה צו זיין גוט צום אַרבייטער. אָט דאָס אַלץ קען מאַכען אַנ'איינדרוק אויף דעם אַרבייטער. און ער קען זיך טראַכטען, אַז אַלץ איז פון זיינעט־וועגען. די קישען, דאָס וויים ברויט, די גוטע וויינען, און בכלל האָט ער שטענדיג מעהר פאָרצוג פון דעם ארבייטס-געבער, און אז ער איז דער בחיר היצורים, וואָס די תורה אינטערעסירט זיך נאָר מיט אים. און לויט דעם קומט אוים ביי איהם, אַז ער דאַרף נישט אַזוי פיעל אַרבייטען און נישט זיין אַזוי איבערגעגעבען צו דער אַרבייט מיט אַלע פּינקטליכקייטען. אָבער דער, וועלכער שטעהט העכער איבער אַלע פּאַרטייען, זעהט,

אז דאָס איז נישט מעגליך, און אזא לאַגע קען נישט עקזיסטירען, אויב אַלץ זאָל זיין נאָר לטובת איין צד. אויב עס וועט געגעבען ווערען דעם אַרבייטער דער פּאַרצוג, און ער וועט נישט מאַכען זיין אַרבייט פאַל־קאָם, פון וואַנען וועט נעהמען דער אַרבייטס־געבער איהם צו מאַכען די אַלע באַקוועמליכקייטען, וואָס די תורה האָט איהם פאַרפליכטעט. דעריבער ראַהט דוד המלך דעם ארבייטער, אז ער מוז אויך נעמען פאַר־פליכטונגען אויף זיך, אלס ארבייטער. ער פון זיין זייט, דאַרף זיך באַמיהען, אַז זיין אַרבייט זאָל זיין ראַיעל און צו זיין איבערגעגעבען צו דער אַרבייט, גלייך ווי ער וואָלט געאַרבייט פאַר זיך, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ שותף. דען אויב די אַרבייט וועט נישט ברענגען קיין פארדינסט דעם ארבייטס געבער, וועט איהם דאָך אונמעגליך זיין צו ערפיהלען די אַלע באַדינגונגען, וואָס די תורה האָט איהם פאַרפליכטעט. עס דאַרף אַל־זאָ צו זיין, ווי מען זאָגט: איין האַנט וואַשט די צוויי־טע. אויב דער אַרבייטס־נעהמער וועט אַרבייטען עהר־ליך און געטריי, וועט איהם דער אַרבייטס־געבער צאָהלען עהרליך. און אויב דער ארבייטס־געבער וועט צאָהלען עהרליך, וועט דער אַרבייטער קענען זיין עהר־ליך און געטריי צו דער אַרבייט. אויב מיר ווילען זיך אַזוי פיהרען אינ׳ם לעבען, אַז יעדער איינער זאָל זיך אינטערעסירען אויך מיט דער לאַגע פון צווייטען, זע־נען מיר זיכער, אַז אַלע ברידער־קריעג און בכלל אַלע מלחמות וועלען בטל ווערען.

## דער אמת איז איינער פון די דריי זאַכען, אויף וועלכע די וועלט האַלט זיך

**ודובר אמת בלבבו.** דער מויל זאָל זיין ריכטיג אמת מיט'ן האַרצען. קלערט אויף די גמרא אַביישפיעל: אַזוי ווי רב ספרא האָט זיך געפיהרט (רש"י ברענגט פון שאלתות פרשה ויחי שאלתא ל"ו), וועלכער ברענגט אַ ערצעהלונג פון רב ספרא'ן, וועלכער האָט געהאַט אַ חפץ צום פאַרקויפען. איז געקומען צו איהם אַ מענש קויפען דעם חפץ. אין דער צייט, ווען ער האָט געהאַלטען אין מיט'ן קריאת שמע. דער מענש האָט איהם געזאָגט, ער זאָל איהם דעם חפץ פאַרקויפען פאַר אַ געוויסען פרייז. האָט איהם רב ספרא נישט געענטפערט, כדי נישט מפסיק צו זיין. האָט דער קונה געמיינט, אַז ער באַשטעהט נישט אויף דעם פרייז און האָט איהם געהעכרט. נאָכדעם ווי רב ספרא האָט געענדיגט לייענען קריאת שמע, האָט ער איהם פאַרקויפט דעם חפץ פאַר דעם פרייז, וועלכען דער קונה האָט איהם פאָרגעלייגט ביים ערשטען מאָל, ווייל פאַר דעם פרייז האָט ער באַלד אין אָנפאַנג גע-רעכענט אָפצוגעבען דעם חפץ. דער שקר פיהרט אַראָפּ דעם מענש פון גלייכען וועג. דער שקר פאַרפיהרט דעם פרט און דעם כלל. ער פאַרפיהרט דעם כלל, אַזוי

ווי מיר האָבען דערמאָנט אין דעם געדאַנק (פון אַר־
בייטער־באַדינגונגען), אז נאָך יעדער מלחמה קומען
זיך צונויף די דעלעגאַטען פון אַלע לענדער צו ברענגען
דעם שלום אויף דער וועלט, דיסקוטירען, גיבען פאָר־
שלאָגען, אָבער דער שלום איז נאָר אין זייערע מיילער,
אָבער אין הארצען טראַכטען זיי אַנדערש. אונטער
זייערע קליידער זענער פאַרבאַהאַלטען שפּיעזען און
שווערדען און זייער גאַנצער געדאַנק איז נאָר ווי אריינ־
צונאַרען איינער דעם צווייטען. און אזוי פיהרען זיי די
וועלט צו דער שחיטה, צו נייע מלחמות. און אַזוי איז
אויך אין פּריוואַטען לעבען פון יעדען מענשען. דער
שקר פיהרט איהם אַראָפּ פון גלייכען וועג, אויף אַ
וועג, וועלכער פיהרט צום אונטערגאַנג. צום ביישפּיעל:
די וועלט־מלחמה, וועלכע מיר האָבען איבערגעלעבט,
וואָס כמעט גאַנץ אייראָפּא איז געווען איינגעטונקט
אין בלוט. די לעבענס־וועגען זענען געווען טרויעריג.
די מענשען, וועלכע זענען נאָך נעכטען געווען רייך,
געהען היינט אַרום איבער די הייזער בעטען נדבות.
אַלע לענדער זענען פאַראָרעמט געוואָרען, אויסער די
לענדער, וועלכע די מלחמה האָט זיי נישט אָנגעריהרט.
זיי זענען רייך געוואָרען, ווייל זיי זענען געווען די צו־
שטעלער פון די מלחמה־מכשירים פאַר אַלע צדדים.
און אין די דאָזיגע לענדער איז פאָרגעקומען פאַרקערט.
די נעכטיגע אָרימעלייט זענען איבער נאַכט דערהויבען
געוואָרען צו די גרעסטע עשירים, אינ׳ם פולען זין פונ׳ם
וואָרט. דער פּרייז פון אַלע סחורות איז געשטיגען. אויך

די הייזער. אַלץ איז פאַרטייערט געוואָרען. אָבער קיין זאַך איז נישט אייביג. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיגט, זענען די פרייזען געפאַלען, און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ יאָמער און אַ קלאָג. אַלע האָבען זיך באַקלאָגט, אַז זיי זענען פאַראָרימט געוואָרען. יעדער איינער האָט געהאַט פרעטענזיעס צו ג־ט, וועלכער זיין נאָמען איז „שלום״, פאַרוואָס ער האָט געמאַכט אַן ענדע צום מבול פון פייער און בלוט. איינע פון די לענדער איז די פאַראייניגטע שטאַטען. אין דעם דאָזיגען לאַנד, אַז עס טרעפט זיך, חס ושלום, אַ פאַל, אַז איינער ווערט אָרים, זאָגט מען נישט מיט דעם לשון פון דעם אָנגענומענעם נוסח, אַזוי ווי אונזערע עלטערען פלעגען זאָגען: „אַ שלעכטע צייט, ג־ט זאָל העלפען״. נאָר מען זאָגט אַ נייעם נוסח: „יענער איז געבראָכען״. אדער דער מענטש זאָגט אויף זיך אליין דעם נוסח: „איך בין געבראָכען״. פון דעם נוסח הלשון, איז צו זעהן זייער כוונה, אַז זיי האָפען שוין נישט, אַז עס זאָל זיך פאַרבעסערען, ווייל ער איז געוואָרען אַ צובראָכענער שאַרבען, אַ כלי חרם הנשבר, חס ושלום, די פארצווייפלונג ברענגט צו עצבות, און דער פארצווייפלטער פארלירט מאַטעריאליש און גייסטיג. אזוי איז געוועזען אין דער דאָזיגער מדינה, ווען עס זענען אַלעמענם געזיכטער פינסטער געוואָרען. אַלע זענען פול געוואָרען מיט כעס און פאַרדרוס אויף ג־ט און אויף דער גאַנצער וועלט. אָבער ווען די אַלע קלאָגערס וואָלטען גערעדט מיט דעם אמת פון זייער האַרץ און

וואָלטען זיך באַמיהט אַריינצוקוקען אין זייערע בי־כער און זעהן דעם סכום פון זייער פאַרמעגען, וועלכען זיי האָבען געהאַט פאַר דער מלחמה, וואָלטען זיי געזעהען, אַז זיי זענען גליקליכער און רייכער, ווי די מענשען פון אַנדערע לענדער. אַז נאָך דער גאַנצער ביליגקייט און די נידעריגע פרייזען פון זייערע סחורות, באַטרעפט נאָך אַלץ זייער פאַרמעגען מעהר, ווי פון פאַר דער מלחמה. דער „דובר אמת בלבבו" מאַכט זיך דעם מענשען זיין לעבען און מאַכט איהם גליקליך. דער קאָנטראַסט פון דעם דובר אמת איז דער שקר. דער בעל השקר ברענגט שאָדען אַנדערע און אויך זיך. ער פאַרביטערט זיך אַליין דאָס לעבען. געפעהרליך איז דער שקרן.

**ווען מיר פּרטראַכטען** זיך אין דער תורה, זעהען מיר, אַז ווען זי וויל אונז וואָרנען פאַר'ן שקר, וואָרנט זי מיט דעם נוסח: „מדבר שקר תרחק". פון ליגען זיך דערווייטערען. עס איז צו באַמערקען ביי אַלע איסורים האָט אונז די תורה נישט געוואָרענט מיט אַזאַ שטרענגען נוסח: זיך צו דערווייטערען פון דער פאַרבאָטענער זאַך, אָבוואָהל מיר געפינען, אַז די תורה וואָרענט אונז אויך ביי דעם איסור נידה מיט אַ שטרענגען נוסח, אָבער נישט אַזוי שטרענג, ווי ביים שקר. ביי נידה האָט אונז די תורה געוואָרענט מיט דעם נוסח: „ואל אשה בנדת טומאתה לא תקרב". דאָס מיינט זיך נישט צו נעהענטערען צו אַן'אשה נידה,

אָבער נישט מיט אַזאַ שטרענגקייט רעדט די תורה, ווי זי רעדט ביי שקר. ביים שקר זאָגט די תורה דעם לשון „תרחק”, דאָס הייסט, זיך דערווייטערן, נישט נאָר נאָהענט זיין, נאָר זיך דערווייטערן וואָס מעהר. די תורה האָט נישט באַשטימט קיין מאָס אויף ווי ווייט, מען זאָל זיך דערווייטערן. דאָס באַווייזט, אַז די כוונה פון דער תורה איז, אַז וואָס מעהר, איז אַלץ גלייכער. דעריבער האָט דוד המלך גערעכענט דעם דובר אמת אַלס איינעם פון די הויפּט-פּונקטען, אויף וועלכע דאָס יודענטהום שטעהט אויף זיי.

## די גאַנצקייט און עהרליכקייט פון אונזער פאָטער יעקב

„לא רגל על לשונו”. דאָס מיינט מען יעקב אבינו, ווי עס שטעהט אין דער תורה, דאָס ער האָט געזאָגט: „אולי ימשני אבי”, „פילייכט וועט דער פאָטער מיט אַ טאַפּ טאָן”. די פרייע קריטיקער, וועל-כע שעצען נישט די טראַדיציע פון די אבות און נישט דוקא די געלעהרטע קריטיקער, נאָר אפילו גאָר איינ-פאַכע מענשען, נישט קיין פרייע, נעהמען זיך די דרייסטקייט צו קריטיקירען יעקב אבינו אין דעם ענין פון די ברכות, וואָס יצחק האָט איהם געבענשט, אַנ-שטאָדט עשו'ן. נישט איינמאָל טרעפט בשעת קריאת

התורה אין דער סדרה תולדות געפינען זיך איינינע פון דעם המון, וועלכע באַציהען זיך קריטיש צו דעם ענין פון די ברכות, אויסדריקענדיג זיך מיט דעם לשון: „דער ענין פון די ברכות איז דאָך סוף כל סוף נישט אזוי איינפאַך און גלאטיג". זיי זענען געגען יעקב'ס טהאַט און האָבען מיט געפיהל מיט עשו'ן. אָבער אין תרגום אונקלס ווערט ערקלערט רבקה'ס ווערטער צו יעקב'ן: „עלי קללתך בני", וועלכע זי האָט געענט־פערט יעקב'ן אויף דעם, וואָס ער האָט געזאָגט צו איהר: „אולי ימשני אבי והייתי בעיניו כמתעתע והבאתי עלי קללה ולא ברכה". זי האָט געזאָגט צו יעקב'ן: „אתאמר בנבואה דלא ייתון לוטיא עלך ברי". דאָס הייסט: „מיר איז געזאָגט געוואָרען בנבואה, אַז עס וועלען אויף דיר קיין קללות נישט קומען, מיין זוהן". דאָס מיינט צו זאָגען, דאָס יעקב האָט נישט גע־וואָלט געהן נעמען די ברכות, נור די מוטער האָט איהם געצוואונגען צו דעם דורך דער נבואה. (דער רמב"ם האָט זעהר געריהמט די ערקלערונגען פון תרגום אונקלס און זיינע רייד זענען געווים ריכטיג און הייליג).

**איך האָב געזעהן** אין די חידושים פון הגאון רבי צבי חיות, דאָרטען אין גמרא מכות, וועל־כער שרייבט, דאָס ער האָט געהערט פון אַ חכם: עס איז באַוואוסט, אַז אין לשון הקודש קומט שטענדיג דאָס וואָרט „פן" ביי אַנ'ענין, וואו דער וואָס רעדט וויל נישט, אַז די זאַך זאָל זיין. און אונזערע חכמים

זכרונם לברכה האָבען באַשטימט אז: „השמר, פּן אל" איז אַ לא תעשה. דאָס הייסט: נישט צו טאָן. אָבער דאָס וואָרט „אולי" ווערט באַנוצט, ווען מען וויל די זאַך זאָל זיין. דעריבער האָבען די חז"ל גע'דרש'נט ביי אליעזר, אברהם'ס קנעכט, וועלכער האָט געזאָגט: „אולי לא תאבה האשה ללכת", ווייל עס שטעהט אלי אָהן א וואָוו, איז גלייך ווי עס וואָלט געשטאַנען אלי, דאָס הייסט, אַז אליעזר האָט געוואָלט, אַז זי זאָל נישט וועלען געהן. און אַזוי אויך ביי איוב'ן, וועלכער האָט געזאָגט: „אולי חטאו בני" (פיליכט האָבען מיינע קינדער געזינדיגט), דאָס הייסט, אַז ער האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלען האָבען געזינדיגט, על כל פנים בשוגג (נישט ווילענדיג). און דאָ ביי יעקב'ן, האָט ער דאָך געדאַרפט זאָגען „פּן ימשני אבי". לויט דעם כלל, וואָס מיר האָבען, אז פּן באנוצט מען, ווען מען ווינשט נישט, אַז דאָס זאָל זיין, טאָ ווי שיקט זיך דאָס וואָס ער האָט געזאָגט אולי? נאָר דער תירוץ איז, אַז באמת האָט טאַקע יעקב געוואָלט, אז יצחק זאָל איהם דערקענען, כדי נישט צו באַקומען די ברכות, און דעריבער האָט ער געזאָגט: „אולי", וואָס דאָס באַדייט, אַז מען וויל דאָס זאָל זיין, וואָרום דאָס איז גאָר געווען געגען זיין ווילען, און ער האָט גאָר־נישט געוואָלט צונעמען ביי עשו'ן די ברכות מיט אַזעלכע מיטלען, נאָר ער האָט זיך אונטערגעוואָרפען דעם ווילען פון זיין מוטער, וועלכע האָט איהם געגייט דאָס צו טאָן דורך דער נבואה, וואָס איז איהר גע־

זאָגט געוואָרען. און מיר קענען זיך טאַקע באַריהמען און שטאָלצירען מיט יעקב אבינו'ס עהרליכקייט. „ולא רגל על לשונו". דאָס איז יעקב אבינו, וועלכער האָט געזאָגט „אולי" און נישט „פן", ווייל ער האָט טאַקע געוואָלט, אַז זיין פאָטער זאָל איהם דערקענען און זאָל איהם נישט בענשען מיט די ברכות, וועלכע ער האָט געהאַט באַשטימט פאַר עשו'ן.

## ומבשרך אל תתעלם
## (פון דיין נאָהענטען פריינד זאָלסטו זיך ניט דערוויטערען)

„וחרפה לא נשא על קרובו" (ער האָט נישט פאַר-שאַפט קיין חרפה זיינע נאָהענטע פריינד)

— „זה המקרב את קרוביו", דאָס הייסט: דער, וואָס איז מקרב זיינע פריינד. מען דערצעהלט וועגען דעם גאון רבנו עקיבא איגר זצוק"ל, אַז ווען ער פלעגט קומען ערגעץ אין אַ שטאָדט און ער האָט זיך דער-וואוסט, אַז אין דער דאַזיגער שטאָדט וואוינט זיינער א קרוב, זאָל זיין וואָס פאַר אַ קרוב עס איז, פלעגט ער געהן איהם באַזוכען. פלעגען איהם מאַנכע פרעגען: סטייטש, רבי, ווי שיקט זיך דאָס אַזאַ זאַך, אייער קרוב קען דאָך קומען צו אייך, און צו וואָס זאָלט איהר זיך מטריח זיין? האָט אויף דער גאון געענט-פערט: ס'איז פאַרהאַן אַמאָל אַ פאַל, וואָס די תורה

באפרייט אמאָל איינעם פון אַ מצוה, וואו עס האַנדעלט זיך ביי אַ זקן ואינו לפי כבודו, ביי אַן'אַלטען אַנגעזע־העגעם מענש, וואָס עס איז נישט פאַר זיין כבוד דאָס צו טאָן, דהיינו: ביי אבדה, ווען איינער געפינט אַ זאַך, וואָס איינער האָט פאַרלוירען, איז אַ חוב אויף דעם פינדער אָוועקצוגעבען די פאַרלוירענע זאַך צו דעם, וואָס האָט עס פאַרלוירען. די תורה זאָגט דאָס מיט דעם נוסח: „והתעלמת", דאָס הייסט, די תורה זאָגט, אַז עס טרעפט אַמאָל, ווען מען קען זיך מאַכען נישט זעהענדיג די אבדה, און נישט אומקערען צו דעם וואָס האָט זי פאַרלוירען, אויב ער איז אַ מענש, וואָס עס איז נישט פאַר זיין כבוד צו טאָן אַזאַ אַרבייט. אָבער ביי דעם דין פון אַ קרוב זאָגט דער דין „ומבשרך אל תתעלם". ווייזט אוים פון דעם: אַז אין קיין פאַל טאָר־מען נישט, זיך מאַכען נישט זעהענדיג, אפילו „זקן ואינו לפי כבודו". אָבער ליידער און ליידער, זעהען מיר מיט אונזערע אויגען, אַז פיעל מענשען ווערען מיט דעם גשעטרויכעלט.

אָט וועל איך דאָ פאָרשטעלען אַ בילד, וואָס מיר איז באַקאַנט וועגען דעם. ווען איך האָב גע־האַלטען ביים אָפּפאָהרען קיין אמעריקא און אין מיין שטאָדט איז שוין געווען באַוואוסט, אַז אין איניגע טעג אַרום וועל איך אָפּפאָהרען, האָבען זיך אַנגעהויבען די באַזוכען ביי מיר אין שטוב. מיין שטוב איז געווען פול מענער, פרויען און קינדער. איינער האָט

געבראַכט אַ בריעף איבערצוגעבען זיינעם אַ קרוב, אַ צווייטער האָט געבעטען מינדליך איבערצוגעבען אַ גרוס, און כמעט אַלע בריעף און אַלע גרוסען זענען געווען פון איין נוסח: יעדער איינער האָט אויסגעגאַסען זיין ביטער הארץ, דאָס ער און זיין הויזגעזינד געהען אוים פון הונגער. איינער דערצעהלט, אַז מען האָט איהם באַ׳גנב׳עט און איהם איז גאָרנישט געבליבען, אפילו די ווערקצייג האָט מען איהם צוגענומען. דער שניידער האָט זיך באַקלאָגט, אַז מען האָט איהם צוגענומען אַ „זינגער״-מאַשין. דער סטאָלער האָט זיך באַקלאָגט, אַז מען האָט איהם דעם הובעל און די זעג צוגענומען, דער שמיד האָט זיך באַקלאָגט, אַז מען האָט איהם דעם בלאָזאַק צוגענומען. יעדער איינער האָט געשילדערט זיין ביטערע לאַגע מיט טרערען אין די אויגען. יעדער, ווער עס האָט נאָר געהאַט עפּעס אַ קרוב אין אַלע עקען פון אַמעריקאַ איז צו מיר געקומען, און דער נוסח איז געווען מיט דעם לשון: „איך בעט זיך צו דערבאַרימען אויף מיר, ווען איהר וועט זיין אין אַמעריקאַ, זאָלט איהר אַזוי גוט זיין אַריינגעהן צו מיין פעטער, צו מיין ברודער, צו מיין פאָטער, וועלכער וואוינט אין שיקאַגאָ״, און אַזוי דער צווייטער מיט דעם זעלבען נוסח, נאָר ער בעט אַריינצוגעהן צו זיין שוואָגער אין סאַן פראַנציסקאָ, און אַזוי אויך דער דריטער, מיט דעם זעלבען נוסח, נאָר מיט דעם אונטערשיד אין אָרט, דהיינו: אַריינצוגעהן צו זיין שווער׳ס ברודער, וועלכער וואוינט אין ניו-

אָרלינס. און דאָס אַלץ, וואָס מען האָט מיר געזאָגט, האָב איך זיך פאַרצייכענט אין מיין נאָטיץ-ביכעל, וועלכער איז פול געוואָרען פון עק ביז עק. ווען איך בין מיט ג-ט׳ס הילף געקומען קיין אמעריקא, אין דער גרויסער שטאָדט ניו-יאָרק, האָב איך ראשית כל גע-וואָלט מקיים זיין די רייד פון אונזערע חכמים: „חזקה שליח עושה שליחותו״. (עס איז באַשטימט, דאָס אַ שליח פיהרט אוים זיין שליחות). איך האָב געוויזען מיינע באַקאַנטע מיין נאָטיץ-ביכעלע מיט די פאַרצייכענונגען און איך האָב זיך געפרעגט, ווי אזוי אָנצוהויבען די וויזיטען לויט׳ן אָרדנונג. מיינע באַקאַנטע האָבען אָנגעהויבען צו לאַכען און האָבען גאָרנישט אויפגעהערט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די מעהרהייט פון די אַלע אַדרעסען וואוינען אין פאַרשידענע שטעדט, וועלכע זענען ווייט פון ניו-יאָרק, אַזוי ווי פון מיין שטאָדט ביז ניו-יאָרק, און אפשר נאָך ווייטער. מיט דער הילף פון מיינע באַקאַנטע, האָב איך אויסגעקליבען די אַלע אַדרעסען פון די קרובים, וועלכע וואוינען אין ניו-יאָרק, און זיך געמאַכט אַ סדר, לויט וועלכען איך דאַרף מאַכען די וויזיטען. וואו עס איז מעגליך געווען צו געהן צו-פוס, בין איך געגאַנגען צו-פוס, און וואו עס איז נישט מעגליך געווען צו געהן צו-פוס, בין איך געפאָהרען פון איין קרוב צום צווייטען. איך האָב זיך באַמיהט, אויף וויפיעל עס איז נאָר מעגליך געווען. איינמאָל בין איך געגאַנגען אויף אַ געוויסער גאַס מיט׳ן נאָמען איסט-

בראַדוויי. די דאָזיגע גאַס איז אַ אידישער צענטער. דאָרט קען מען זיך טרעפען מיט אונזערע ברידער פון דער גאַנצער וועלט. פּלוצלינג קומט מיר אַנטקעגען אַ מאַן, עלעגאַנט געקליידעט. זיין אויסזעהן איז ווי אַ געבוירענער גביר. און ער רופט מיך אָן ביי מיין נאָמען. אָבער אַזוי ווי ער איז מיר געווען אומבאַקאַנט, האָב איך געפרעגט ווער ער איז. נאָר ער האָט מיר נישט געוואָלט זאָגען. ער האָט געוואָלט, איך זאָל איהם אַליין דערקענען. איינינע מינוט האָב איך זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים. ענדליך האָב איך איהם דערקענט און איהם אָנגערופען ביי זיין נאָמען. דאָס איז געווען אַ מאַן פון מיין געבורטס-שטאָדט, וועלכען איך האָב געקענט נאָך פון מיינע קינדערשע יאָהרען אַלס באַוואוסטער פורמאַן אין אונזער שטאָדט, וועלכער פלעגט פאָהרען יעדען טאָג צו דער באַהן-סטאַציע צו ברענגען סחורה פון דאָרט אין שטאָדט אריין. ענדליך, האָב איך איהם דערצעהלט, אַז איך האָב פאַר איהם אַ בריעף פון זיין ברודער, אויך אַ פורמאַן, וועלכער געהט אוים פון הונגער. איך האָב איהם דערצעהלט די לעבענס-געשיכטע פון זיין ברודער, ווי ער האָט געלעבט פאַר דער מלחמה, און ווי ער לעבט איצטער. פאַר דער מלחמה, ווען עס איז ביי איהם געפאַלען אַ פערד, האָבען זיך געפונען אין שטאָדט גוטע מענשען, וועלכע האָבען ביי די מתפללים פון בית המדרש צו-זאַמענגעקליבען נדבות אַ סומע פון פופצעהן רובעל, און מען האָט איהם אָפּגעקויפט א פערד. פאַרשטעהט

זיך, אַז דער פערד האָט נישט לאַנג אָנגעצויגען. אַזוי איז שוין די טבע פון אַזעלכע פערד, וועלכע ווערען געקויפט פאַר נדבות-געלט. ווען דער צווייטער פערד איז געפאַלען, האָט מען ווידער צונויפגענומען נדבות, דען אידען זענען געוואוינט צו געבען, סיי אויף אַ קאַלב, סיי אויף אַ פערד, און מען האָט איהם געקויפט אַ ניי-עם פערד. אַזוי האָט זיין ברודער געלעבט אַ גליקליכען לעבען פאַר דער מלחמה. אָבער היינט זענען שוין אַוועק די גוטע יאָהרען. די נדבות-געבער פון אַמאָל זענען אַליין פאַראָרעמט געוואָרען. פיעל פון זיי בע-טען היינט אַליין נדבות אום זיך צו דערהאַלטען ביים לעבען. ביי היינטיגע צייטען איז נישט מעגליך צו קויפען פאַר די צונויפגעזאַמעלטע נדבות נישט נאָר אַ פערד, נאָר אפילו אַ ציעג פון אַ יאָהר, אָדער אַ יונג פערדעל פון אַ טאָג אַלט, איז נישט מעגליך צו קויפען. סיי ווי סיי, זיין ברודער'ס לאַגע איז זעהר שרעקליך. איך האָב איהם געוואָלט איבערגעבען זיין ברודער'ס בריעף, אָבער איך האָב איהם ביי זיך נישט געהאַט. איך האָב איהם איבערגעלאָזען אין מיין האָטעל. איך האָב איהם געפרעגט, ווען און וואו איך קען איהם טרע-פען. ער האָט מיר באַשטימט א צייט, ווען איך זאָל איהם באַזוכען אין זיין הויז. ער האָט מיר אויך געגע-בען אַ וויזיט-קאַרטע מיט זיין אַדרעס. ווען איך בין געקומען צו דער באַשטימטער צייט צו זיין וואוינונג, איז די טהיר, ווי געוועהנליך אין אַמעריקא, געווען פאַרשלאָסען. איך האָב אָנגעקלונגען, און מיין לאַנדס-

מאַן איז מיר אַרויס אַנטקעגען, האָט מיך אַריינגעפיהרט אין שטוב, מיך פאַרגעשטעלט פאַר זיין פרוי. ווען מיר האָבען זיך געזעצט צום טיש, האָב איך אַריינגעטאָן מיין האַנט אין טאַש אַרויסצונעהמען זיין ברודער׳ס בריעף. ער האָט עס באַמערקט און האָט אויפגעציטערט, ווי מען וואָלט איהם אַ נאָדעל אין לייב אַריינגעשטאָכען. ער האָט מיר אַ וואונק געטאָן מיט זיינע אויגען, איך זאָל דעם בריעף נישט ווייזען. ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען פונ׳ם טיש, האָט ער מיך אַריינגענומען אין אַנ׳אַנדער צימער, און האָט מיר דערצעהלט דעם אָנפאַנג פון זיין קומען קיין אַמעריקא, ביז ער האָט מיר אויך דערצעהלט, אַז די דאָזיגע פרוי זיינע האָט ער גענומען אין אַמעריקא. זי רעדט גוט ענגליש, איז פון אַ פיינער משפחה. דעריבער וויל ער נישט, אַז זיין פרוי זאָל זעהן דעם בריעף פון זיין ברודער, כדי זי זאָל נישט וויסען, ווער זיינע קרובים זענען. און אין איין וועגס האָט ער מיר דערצעהלט וועגען זיינע צרות און יסורים, וועלכע ער ליידט פון זיין אָרעמער משפחה, פון וועלכער ער באַקומט אָפט בריעף צוויי מאָל א טאָג, און צוליעב דעם איז ער גענויט צו זיין דער שומר הפתח צוויי מאָל אַ טאָג, בעת דער בריעפענטרעגער ברענגט די פאָסט, כדי ער אַליין זאָל פון איהם צונעהמען די פאָסט, עס זאָל חס ושלום נישט אַריינפאַלען די בריעף פון זיין פאַמיליע צו זיין פרוי אין האַנט. און גלייך ווי ער באַקומט די בריעף, צורייסט ער זיי באַלד אויף פיצלעך. ער האָט דערצעהלט פאַר מיר זיינע

צרות, און איך האָב דערווייל געטאָן מיינס, און פאַרגע־לעזען פאַר איהם זיין ברודער'ס בריעף. זיין פנים איז בלאַס געוואָרען, ווי קאַלך. ער האָט מיר געבעטען, איך זאָל לייענען שטילער, און אַזוי ווי עס שטעהט געשריבען: „מה שבעל הבית אומר לך עשה", וואָס דער בעל הבית זאָגט, מוז מען טאָן, האָב איך אָנגעהויבען צו לייענען שטילער מיט'ן ניגון פון דער תוכחה. נאָכ'ן איבערלייענען דעם בריעף, האָט ער איהם צוריסען אויף אלף אלפי אלפים שטיקלעך. נאָך דעם האָבען מיר זיך אומגעקערט אין זאַל, וואו זיין פרוי איז געווען. ווען איך האָב זיך איינגעקוקט אין איהר פנים, האָב איך דערקענט, אַז אויך זי האָט ערגעץ אין פוילען קרובים, אויך אָרעמע פורמאַנעס, און אויך זיי שרייבען צו איהר אָפטע בריעף און בעטען רחמים, און אויך זי באַגעהט זיך מיט איהר משפחה, ווי ער מיט זיין משפחה. ער האָט מורא, אַז זיין פרוי זאָל נישט דערקענען זיין משפחה, און זי האָט מורא, אַז איהר מאַן זאָל נישט דערקענען איהר משפחה. אוןביידע רייסען. ער רייסט די בריעף פון זיין פאַמיליע, און זי רייסט די בריעף פון איהר פאַמיליע. און ביידע פאַר־שאַפען זיך וועהטאָג און חרפה פאַר זייערע קרובים. דוד המלך האָט דאָס באַטאָנט אַלס איינעם פון די הויפּט־פונקטען: „וחרפה לא נשא על קרובו". ווער עס איז נישט אימשטאַנד צו שפירען די נאָהענטקייט צו זיינע קרובים, קאָן נישט שפירען די נאָהענטקייט פון זיין פאָלק און פון זיין כבוד.

מאַן איז מיר אַרום אַנטקעגען, האָט מיך אַריינגעפיהרט אין שטוב, מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיין פרוי. ווען מיר האָבען זיך געזעצט צום טיש, האָב איך אַריינגעטאָן מיין האַנט אין טאַש אַרויסצונעהמען זיין ברודער׳ס בריעף. ער האָט עס באַמערקט און האָט אויפגעציטערט, ווי מען וואָלט איהם אַ נאָדעל אין לייב אַריינגעשטאָכען. ער האָט מיר אַ וואונק געטאָן מיט זיינע אויגען, איך זאָל דעם בריעף נישט ווייזען. ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען פונ׳ם טיש, האָט ער מיך אַריינגענומען אין אַן אַנדער צימער, און האָט מיר דערצעהלט דעם אָנפאַנג פון זיין קומען קיין אַמעריקא, ביז ער האָט מיר אויך דערצעהלט, אַז די דאָזיגע פרוי זיינע האָט ער גענומען אין אַמעריקא. זי רעדט גוט ענגליש, איז פון אַ פיינער משפחה. דעריבער וויל ער נישט, אַז זיין פרוי זאָל זעהן דעם בריעף פון זיין ברודער, כדי זי זאָל נישט וויסען, ווער זיינע קרובים זענען. און אין איין וועגם האָט ער מיר דערצעהלט וועגען זיינע צרות און יסורים, וועלכע ער לייד פון זיין אָרעמער משפחה, פון וועלכער ער באַקומט אָפט בריעף צוויי מאָל אַ טאָג, און צוליעב דעם איז ער גענויט צו זיין דער שומר הפתח צוויי מאָל אַ טאָג, בעת דער בריעפענטרעגער ברענגט די פּאָסט, כדי ער אַליין זאָל פון איהם צונעה־מען די פּאָסט, עס זאָל חס ושלום נישט אַריינפאַלען די בריעף פון זיין פאַמיליע צו זיין פרוי אין האַנט. און גלייך ווי ער באַקומט די בריעף, צורייסט ער זיי באַלד אויף פיצלעך. ער האָט דערצעהלט פאַר מיר זיינע

טיגער מענש). אויף אַנדערע איז ווידער געשריבען „פ״נ איש ירא אלקים נדבן מפורסם״ (דאָ איז באגראָבען א מענש א גאָט׳ס פאָרכטיגער, א באוואוסטער וואוילטעטיגער), און אזוי אויך אויף די פרויען מצבות: פ״נ אשה צדקנית, און עס איז נאָך אויסגעקריצט אויף דעם שטיין א קרבן-מנחה סידור. אויף אנדערע, איין אנדער נוסח פון צדקות און מעשים טובים און א בילד פון א לייכטער מיט ליכט. בכלל מאַכען די מצבות דעם איינדרוק, אז די אלע טויטע וועלכע זיינען באגראָבען אונטער זיי, זיינען אַלע געווען צדיקים, קדושים, און נדבנים. אויף דעם קומט די פראַגע: מיר ווייסען דאָך אז אין די גרויסע שטעט ווי ניו יאָרק, שיקאַגאָ, בערלין, ווין, און פּאַריז געפינען זיך דאָך אויך מענשען וועלכע זיינען נישט קיין צדיקים, און אויך זיי שטאַרבען דאָך און ווערען באגראָבען, טאָ וואו זיינען זיי? פאר וואָס זעהט מען נישט זייערע קברים? צי זיינען זיי דען לעבעדיגערהייט ארויפגעפלויגען אין הימעל, און זיינען גאָר נישט באגראָבען געוואָרען?... דאָס איז דאָך אָבער נישט אזוי, דען מיט אונזערע אויגען זעהען מיר דאָך פיעל מאָל באַקאַנטמאכונגען אין די צייטונגען, און אויך געקלעפּט אויף די ווענט, אז דער און דער איז געשטאָרבען, און אין דעם און דעם טאָג און דער און דער שעה וועט פאָרקומען זיין לויה, און ער וועט באַגראָבען ווערען אין דעם און דעם באוואוסטען בית הקברות, די מספידים וועלען זיין די און די רבנים און דער באַרימטער חזן מיט זיין כאָר וועלען זינגען קאַפּיטלאָך

תהלים און וועלען מאַכען די אזכרה. אויב אזוי בלייבט דאָך די פראגע וואו געפינען זיך די דאָזיגע נישט-צדיקים? נאָר מיר זיינען געצוואונגען צו זאָגען אז אונטער די מצבות געפינען זיך אויך די וועלכע זיינען קיין צדיקים נישט געווען, און נישט גענוג וואָס זיי האָבען נישט געלייגט קיין רבנו תם'ס תפילין, נאָר אפילו רש"י'ס תפילין האָבען זיי אויך פארפעהלט צו לייגען. איי, וואָס עס איז געשריבען אויף זייערע מצבות די טיטולען „צדיקים", „ישרים" און דאָס גלייכען?, דאָס איז איינפאַך: צוליב רחמנות. ווייל מיר זאָגען: שוין גענוג פאר דעם מת וואָס ער איז באגראָבען, נעבאַך, אין דער ערד. און דאָס איז א פאַקט וואָס מיר זעהען טאָג-טעגליך. צום ביישפיעל: ווען עס שטאַרבט אפילו א פערד גנב, וועלכער האָט נאָך נעכטען געבראָכען שלעסער, היינט אָבער ווען ער ליגט אויף דער טהרה ברעט און די חברה קדישא זיינען איהם מטהר מיט די ניין קבים וואַסער, ווען מען שווענקט איהם אָפּ, דאַן רופען אָן די חברה קדישא די טיילען פון זיין קערפּער אויף לשון הקודש. זיי זאָגען די ווערטער „מטהר זיין דעם ראש", „די רגלים", די ידים", אָבוואָהל זיי ווייסען גאַנץ גוט, אז נאָך נעכטען האָבען די זעלבע הענט געבראָכען שלעסער און קיין הייליגע ארבייט געווים נישט געטאָהן, אָבער ווען ער ליגט שוין אויף דער טהרה-ברעט רופט מען שוין די הענט נישט אויף א פּראָסטען אידיש „הענט", נאָר אויף לשון קודש „ידים", און עס פרעגט זיך: וואָס איז דאָס געוואָרען פאר א

קדושה אין דעם נעכטיגען גנב'ס הענט? ווי איז ער עס פלוצים געוואָרען א הייליגער קדוש? דער ענטפער אויף דעם איז פשוט: רחמנות. די טבע פון די לעבעדיגע איז שוין אזא, רחמנות צו האָבען אויף א טויטען. אויך זעהען מיר פיעל מאָל אז מענשען וואָס האָבען זיך שטענדיג געקריגט צווישען זיך, האָבען פיינט געהאַנט איינער דעם צווייטען שנאת מות, אָבער ווי נאָר איינער פון זיי שטאַרבט, דאַן איז דער לעבע־דיגער מוחל דעם טויטען אלע זיינע זינד וואָס ער האָט געגען איהם געזינדיגט, און די פריינדשאפט הערט אויף. דאָס איז דערפאַר, ווייל די נאַטור איז פון מענש צו פיינט האָבען דעם וועלכען קען איהם עפּעס טאָהן שלעכטס, אָבער קוים איז ער שוין געוואָרען ווי איין אומבאַוועגליכער שטיין, און קען שוין גאָר נישט אויפטאָן, פון דאַן פיהלען אלע צו איהם רחמנות, אזוי איז די באַציהונג פון די לעבעדיגע צו די טויטע, און ווער רעדט נאָך וועגען די באַציהונג פון קינדער צו זייערע געשטאָרבענע עלטערען.

מיר זעהען אין די פאַראייניגטע שטאַטען, ווען עס שטאַרבט ר"ל דער פאָטער פון דער פאַמיליע, וויפיעל הוצאות מאַכען דאָס זיינע קינדער ביי זיין לויה און קבורה. מען קויפט א מאַמאָרנעם אדער קופּערנעם ארון, מען דינגט מספידים און חזנים, וואָס מעהר דער מספיד לויבט און ריהמט דעם מת — אלץ מעהר באַקומט ער באלוינונג פון די קינדער. און דער־

נאָך קומט דער ענין קדיש, דער יאָהרצייט, און אין די טעג אין וועלכע מען מאַכט אזכרות די טויטע אין די שוהלען, איז א מנהג, אז אפילו אזעלכע וואָס זייער פוס האָט נאָך קיין מאָל נישט אריבערגעטראָטען די שוועל פון א אידישער שוהל, וואַרפען אוועק די וויכ־טיגסטע געשעפטען און קומען אין שוהל אריין. און דאָס זעלבע אויך ווען מען איז איין אבל ר״ל, דאַן היט ער אָפּ טאָג־טעגליך דעם קדיש זאָגען, תפילין לייגט ער נישט, אויך דאַוונען דאַווענט ער נישט, ווייל ער גלויבט נישט אין קיין שום הייליגקייט, אָבער קדיש נאָך זיינע עלטערען זאָגט ער. ג־ט׳ס תורה, און אויך ג׳ אליין, האָבען אין זיינע אויגען קיין ווערדע נישט, אָבער זיינע טויטע עלטערען זיינען הייליג. עס איז נישט קיין קלייניגקייט געשטאָרבענע עלטערען אין אמעריקא, (זעלבסט פארשטענדליך אז נאָר די טויטע עלטערען, אבער נישט קיין לעבעדיגע). אין די ימים טובים, אין וועלכע מען זאָגט „יזכור", אז די פאַבריק אדער געשעפט פון דעם אבל איז ווייט פון א שוהל, איילט זיך דער אבל צו קומען צו פאָהרען אין זיין קאָר צום שוהל אין דער באשטימטער צייט צו יזכור. מיט איין וואָרט, קוים שטאַרבט דער מענש, ווערט ער מיט א מאָל א קדוש, און בפרט ביי זיינע קינדער. אפילו ביי אזעלכע קינדער וועלכע עס עקזיסטירט נישט פאר זיי קיין שום הייליגקייט, נישט די תורה, און נישט קיין מצוות, גלויבען אפילו נישט אין ג׳, אבער הייליגקייט פון עלטערען איז ביי זיי דאָ, און, פאַרשטייט זיך, אז די

עלטערען ווערען ביי זיי הייליג ערשט נאָך זייער טויט, ווי צו זאָגען „קדיש" אדער זאָגען „יזכור", אָבער ביים לעבען פון זייערע עלטערען האָבען זיי נישט געהאַל-טען פאר א עהרענפליכט צוליעב טאָהן זייערע עלטע-רען און צו באזוכען מיט זיי צוזאמען די שוהל אפילו אום יום כפור. נאָך די אלע באווייזען און פאַקטען, וועלכע מיר האָבען געבראכט אז אין די אויגען פון די לעבעדיגע איז די ווערדע פון א טויטען זייער גרויס, און בפרט אין די אויגען פון זייערע קינדער, וואונדערט אונז זעהר די האַנדלונג פון חזקי' המלך בנוגע זיין פאָטער. נישט געגנוג וואָס ער האָט נישט באעהרט זיין פאָטער, נאָר פארקערט ער האָט איהם מבזה געווען מיט דעם גרעסטען בזיון. ער האָט איהם געשלעפּט מיט שטריק. אפילו דער געמיינסטער פון די געמיינסטע באַעהרט זיין טויטען פאָטער, און אונזער מלך, דער צדיק, האָט אזוי געמיין געהאַנדעלט אין באצוג צו זיין פאָטער און נאָך מעהר וואונדערט אונז אויף איהם, וועלכער ער איז געגאַנגען אין ג-ט'ס וועגען און זיין תורה. ווי אזוי האָט ער דאָס נישט מקיים געווען די מצות עשה פון „כבד את אביך מכבדו בחייו ומכבדו במותו", דאָס הייסט א זוהן איז מחויב צו עהרען זיין פאָטער ביי זיין לעבען און אויך ביי זיין טויט.

# דאָס לערנען פון דער יוגענד

לאָמיר זיך נאָר גוט צוקוקען צו דער געשיכטע פון זיי ביידען: פון דעם פאָטער אחז המלך און פון דעם זוהן חזקי׳ המלך, און דאַן וועט פון דעם וואונדער ווערען איין איינפאַכע און פאַרשטענדליכע זאַך. אָחז׳ס סיסטעם ווערט געבראכט אין מדרש רבה בראשית פרשה מ״ב: „אז אחז האָט געזאָגט א משל פון א קעניג׳ס א זוהן וועלכען זיין ערציהער האָט איהם געוואָלט טויטען, האָט ער זיך געטראַכט: „אויב איך וועל איהם גלייך טויטען, וועל איך דאָך דורכ׳ן מלך פאר׳משפט ווערען צום טויט, נאָר איך וועל צונעמען זיין אַם פון איהם וועט ער שוין ממילא שטאַרבען״. אזוי האָט אויך אחז געזאָגט: „אם אין גדיים אין תיישים״ (אויב עס איז נישטאָ קיין יונגע בעק וועלען קיין גרויסע בעק נישט זיין). אויב עס זיינען נישטא קיין קליינע וועלען קיין תלמידים נישט זיין; ווען קיין תלמידים וועלען נישט זיין; וועלען קיין חכמים נישט זיין, און אויב נישט קיין חכמים, איז נישטא קיין זקנים, און אויב נישט קיין זקנים איז נישטאָ קיין נביאים; אויב נישט קיין נביאים מאכט ג׳ נישט רוהען זיין שכינה אויפ׳ן פאָלק״. נאָך ווערט דאָרט געבראכט פאר וואָס מען האָט איהם גערופען אחז „שאחז (ער האָט אָנגענומען) בבתי כנסיות ובבתי מדרשות״. דער מדרש איז לויט דער שיטה (סיסטעם) פון רבי מאיר אין מסכת

יומא דף פ״ג, וועלכער איז מדייק (לייגט אכט) אויף
דעם נאָמען פון מענש: און די פּראַקטיק ווייזט אונז
טאַקי אז ווער עס געפינט זיך אונטערוועגענס און קומט
אין א שטאָדט אין וועלכער ער האָט נישט קיין באַקאַנ־
טע, און וויל עסען כשר׳ע עסען, און ער ווייסט נישט
וואו מען קען דאָס באַקומען, איז דאָ איין עצה זיך צו
פרעגען אויף דעם נאָמען פון דעם רעסטאָראַטאָר, און
ווען זיין נאָמען איז דזשאָן אָדער מייק, איז א סימן אז
ביי איהם איז נישט גלאַט כשר, און אויב זיין נאָמען
איז יעקב אדער מרדכי איז די מורא נישט אזוי גרויס.
צוליעב דעם אינטערעסירט זיך דער מדרש און פרעגט:
פאַרוואָס האָט מען איהם גערופען אחז? די קריטיק
אויף אחז׳ן וועלכער האָט אָנגענומען ביי די בתי כנסיות
און בתי מדרשות דאַרף מען פארשטעהן. וואָס פאר איין
עולה האָט ער געטאָן? אין פשטות קענען מיר דאס
פארשטעהן, און זאָגען אז ער האָט זיי אָנגענומען
זיי צו צושטערען, אדער מען קען זאָגען פארקערט, אז
ער האָט אָנגענומען זיי צו בויען אין א גרויסע צאָהל,
און א גרויסע צאָהל בתי כנסיות און בתי מדרשות
דארף מען קריטיקירען, ווייל א גרויסע צאָל שוהלען
און בתי מדרשים ברייגנט א גרויסען פארלוסט דעם
כלל האומה. דאָס קענען מיר זעהן אין פיעל שטעט,
ווען מען האָט געבויט א סאך גרויסע שוהלען און קיין
תלמוד תורה איז נישטא, אפילו איינע נישט, די סיבה
דערפון איז דער חשק צו גבאות, דאָס יאָגען זיך נאָך
כבוד, צו פארנעמען א בכבוד׳יגען אָרט נעבען ארון

הקודש, און דער מנהג איז נאָר אין א שוהל אדער א בית המדרש. איינער דעם צווייטען איז מקנא, און די קנאה ברייננט צו דער פארמערונג פון די שוהלען. מען בויט נייע שוהלען און מען פארקויפט די אלטע. נישט איין מאָל האָט שוין געטראָפען אז מען האָט פארקויפט שוהלען צו פרעמדע גלויבענס פאר זייערע געבעטס הייזער, און אויך פאַרקערט: מען קויפט אָפּ קריסט־ליכע געבעט הייזער אום צו מאַכען פון זיי שוהלען. די גרויסע הוצאות אויף שוהלען ביי אונז איז נישט פון די גרויסע מעלות. אזוי ווי עס ווערט געבראכט אין ירושלמי שקלים סוף פרק ה׳ „רבי חמא בר חנינא און רבי הושעיה האָבען שפאצירט צווישען די שוהלען פון לוד, האָט געזאָגט ר׳ חמא בר חנינא צו ר׳ הושעיה׳ן: וויפיעל געלד האָבען דאָ מיינע עלטערען אריינגעלייגט. האָט צו איהם געזאָגט ר׳ הושעיה: וויפיעל מענשען האָבען דאָ דיינע עלטערען אריינגעלייגט, וואָלט נישט גלייכער געווען אז מען זאָל געבען די הוצאות פאר מענשען זיי זאָלען זיצען און לערנען תורה״. און נאָך ווערט דאָרט אין ירושלמי געבראכט: „רבי אבין האָט געמאַכט א גרויסען טעמפעל, איז געקומען אהין רבי מני, האָט צו איהם ר׳ אבין געזאָגט: זעה וואָס איך האָב געמאַכט. אויף דעם האָט איהם ר׳ מני געענט־פערט דעם פסוק: „וישכח ישראל את עושהו ויבן היכלות״ ווען די אידען האָבען פארגעסען זייער באַ־שעפער האָבען זיי געבויט פּאַלאַצען, איז דען נישטאָ קיין מענשען וועלכע זאָלען לערנען תורה?״ אָט די

מאמרים לערנען אונז די וועלכע בויען גרויסע טעמפ־
לען זיינען נישט אזוי באריהמט ביי אונז, ווי די וועלכע
בויען תלמוד תורה׳ס. און אויף די וועלכע אינטערעסי־
רען זיך גאָר נישט מיט׳ן בויען פון ישיבות צו לערנען
תורה, און זאָרגען נישט דערפאר אז עס זאָלען ביי אונז
אויסוואַקסען תלמידים וועלכע לערנען תורה — אויף
זיי זאָגט דוד המלך ע״ה: אז ווען אידען בויען פּאַלאַ־
צען, איז א סימן אז זיי האָבען פארגעסען אין בורא
עולם. מיט אונזערע אויגען זעהען מיר אזעלכע פּאַלען.
וועה צו די אויגען וואָס זעהען דאָס!

**לאָמיר זיך אומקערען** צו אונזער ענין, און מיר
וועלען זעהן די פּאָליטישע לאַגע, וועלכע
האָט געהערשט אין דעם קעניג אחז׳ם צייטען. אונזער
הייליגע לאַנד איז געווען ארומגערינגעלט פון אלע
זייטען מיט פיינד ווי: אשור, מצרים, אדום, מואב און
ארם, און יעדער איינער האָט געשאַרפט זיין שווערד
אויף ישראל. דער קעניג אחז איז געווען פון זיין נאטור
א טרוס און א פחדן, האָט זיך זעהר געשראָקען פאר
א מלחמה. אין תנ״ך ווערט דערצעהלט, אז ווען מען
האָט איהם דערצעהלט אז ארם האָט באלאגערט דאָס
לאַנד מיט אפרים׳ן, האָט זיך אין איהם זיין הארץ גע־
וואָרפען ווי עס ווארפען זיך די בוימער פון וואַלד פאר
דעם ווינט, און צוליעב דעם איז געווען זיין סיסטעם אז
דאָס אידישע פּאָלק דאַרף נישט זיין א „עם לבדד ישכון״,
דאָס הייסט, א פּאָלק וואָס איז אָפּגעזונדערט פון אלע

פעלקער, נאָר ער דארף זיך אסימילירען און זיך פיהרען
ווי אלע פעלקער און דערמיט וועט אויפהערען די שנאה
צום אידישען פאָלק, און דער שלום וועט זיין א געזי-
כערטער. ווי עס פיהרט זיך האָט ער צונויפגערופען
זיינע מיניסטאָרען אויף א בעראטונג אום זיך צו בערא-
טען מיט זיי וועגען די מיטלען מיט וועלכע מען דארף
זיך בענוצען אום צו רעפאָרמירען דעם דת (רעליגיאָן),
אזוי אז דאָס פאָלק זאָל זיך אסימילירען מיט די פעל-
קער און לעבען מיט זיי צוזאמען. דער ראָט, צוזאמען
מיט דעם קעניג, האָבען באשלאָסען: צו שליסען אלע
שוהלען און בתי מדרשים אויף א גאנצע וואָך, און אויב
איינער וועט זיך דערוועגען צו דאווגען וועט ער
באשטראָפט ווערען מיט תפיסה. דער געזעץ איז אָנ-
גענומען געוואָרען איינשטימיג, און איז פארעפענט-
ליכט געוואָרען אין נאָמען פון מלך און זיינע מיניסטאָ-
רען. אָבער דער געזעץ האָט נישט געטראָפען אין
דעם ציל, וואָס ער האָט געצילט. אין געגענטייל, דאָס
פאָלק האָט אין זיך ערוואַכט, און די הייליגע געפיה-
לען האָבען זיך אין איהם געשטארקט, א רעליגיעזער
גייסט האָט אָנגעהויבען צו בלאָזען אין זיין הארץ, און
אלע ווי איינע האָבען זיך גענומען צו תפלה און צו
תורה, אויך די, וועלכע האָבען, ביז דער געזעץ איז
פארעפענטליכט געוואָרען אינגאנצען נישט געדאווענט,
האָבען יעצט אָנגעהויבען צו דאווגען און דוקא בצבור
אין די שוהלען. פיעל פון די מתפללים זענען ארעס-
טירט געוואָרען. אלע תפיסות זענען פול געוואָרען,

אָבער אויך אין תפיסה האָבען זיי געדאַווענט. אדרבה, דאָרטען האָבען זיי נאָך מעהר געדאַווענט, האָבען אויך תהלים געזאָגט. עס איז אַריבער אַ קורצע צייט, און די גזרה איז כמעט פון זיך אַליין אָפּגעשאַפט געוואָרען. האָט דער קעניג ווידער גערופען א באראַטונג זיך צו באַראַטען וואָס צו טאָן. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען איז דער ראַט מיט׳ן קעניג בראש, געקומען צו אַ באַשלוס: צורוה לאָזען די אַלטע. לאָזען זיי טאָן וואָס זייער הארץ גלוסט, ווייל דאָס איז אַן איינגעשפּאַרטער פאָלק. די ערציהונג, וועלכע זיי האָבען באַקומען אין זייערע קינדער־יאָהרען פליסט אין זייערע אָדערען. דעריבער לוינט נישט צו פיהרען מיט זיי קיין מלחמה — זאָלען זיי דאַווענען וויפיעל זיי ווילען. דאָס האָט שוין די פּראַקטיקע באַוויזען, אַז די אַלטע קען מען נישט אָפּרייסען מיט געוואַלד פון זייער געוואוינהייט.

איינמאָל האָב איך זיך געטראָפען אין ניו־יאָרק מיט איינעם פון מיין געבורטס־שטאָדט, אין אייראָפּא. איך האָב איהם איבערגעגעבען אַ גרוס פון זיינע אָרעמע ברידער, און איך האָב איהם געבעטען אַז ער זאָל עפּעס טאָן פאַר זייער טובה וועגען. דער מענש האָט מיר געענטפערט, אַז ער אַליין ווערט ערנעהרט און אויסגעהאַלטען פון זיינע קינדער, וועלכע האָבען פאַר איהב באַשטימט אַ געוויסע סומע מאָנאַטליך. אמת, אַז ער לעבט אַ רייכען לעבען. זיינע קינדער האָבען

געדונגען פאַר איהם אַ שענע דירה, אין דעם שענסטען טייל פון שטאָדט. זיי גיעבען איהם אַלע זיינע באַדער־פענישען, אָבער אין אַזאַ פאַל צו שטיצען זיינע אָרי־מע ברידער, האָט ער נישט די מעגליכקייט און נישט די ערלויבעניש דערצו. דעריבער האָט ער מיר גע־ראַטען, אַז, אַזוי ווי יעדען זונטאָג אָוועגד, קומען זיך צונויף זיינע זיהן און טעכטער, אינ'ם הויז פון איינעם פון זיי, צו דעם זונטאָג'דיגען שלש סעודות, וועלכער איז דער רוה־טאָג אין אַמעריקא. (דרך אגב האָט ער מיר דערצעהלט, אַז זיינע זיהן זענען זעהר פאַרנומען אַ גאַנצע וואָך מיט זייערע געשעפטען און אפילו אין דעם טאָג פון שבת. ער אַליין היט אָפּ, ברוך השם, דעם שבת, ווי דער דין איז, מיט אַלע פּרטים און דקדוקים, מיט גע־פילטע פיש, מיט טשאָלענט און קוגעל, און איז אפילו מעביר די סדרה, שנים מקרא ואחד תרגום. אָבער זיי־נע זיהן, לאָזט ער אַרוים אַ זיפץ פון זיין האַרץ, זענען שוין אַמעריקאַנער. דעריבער קען מען זיי נישט טרע־פען אין אַנ־אַנדער צייט, נאָר ביים זונטאָג'דיגען „שלש סעודות"). יעדען זונטאג קומען זיי זיך צוזאַמען ביי אַנ'־אַנדערען, נאָך דער רייהע, אָנהויבענדיג פון עלטסטען און ענדיגענדיג ביי דעם יונגסטען, און נאַכהער ווידער דאָס זעלבע. ער האָט מיר געגעבען אַ וויזיט־קאַרטע פון דעם זוהן, ביי וועלכען זיי וועלען זיך דעם קומענ־דיגען זונטאָג צוזאַמענקומען. ווען דער זונטאָג איז אָנ־געקומען, בין איך נאָך מיטאָג געפאָהרען לויט'ן אַדרעס צו זיין זוהן. איך בין געקומען צו דער באַשטימטער

צייט. דאָרט האָט מען שוין אויף מיר געוואַרט און מען האָט מיך אויפגענומען זעהר העפליך און פריינדליך. אַלע זענען שוין געזעסען אַרום טיש. דער אַלטער האָט מיר דערלאַנגט זיין האַנט און האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אַלע אַנוועזענדע, און מען האָט מיר מכבד געווען מיט אַ גלאַז טיי. זיצענדיגביים טיש, האָב איך געהערט, ווי די זיהן רעדען צווישען זיך אין ענגליש וועגען זייער אַלטען פאָטער — ריהמען איהם, אַז ער זעהט גאַנץ שעהן אויס, און בכלל, איז ער אַמעריקאַניזירט געוואָרען מיט אַלע פינקטליכקייטען. זיין באָרד איז לויט׳ן געזעץ פון דעם לאַנד, דער קאָפּ ענטבלויזט, ממש ווי אַ געבוירענער אַמעריקאַנער. איך האָב געבעטען ביי זיי ענטשולדיגונג, וואָס איך ריים איבער זייער שמועס און האָב זיי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זיי האָבען נאָך נישט אויסגערעכענט אַלע שבחים פון זייער פאָטער. איך קען נאָך צוגעבען נאָך איין גרויסען שבח. זיי האָבען אָנגעשטעלט די אויערען און זענען געוואָרען נייגעריג. דאַן האָב איך זיך אָנגערופען: איך וועל אייך אַנטדעקען אַ סוד, אַז אויסער די אלע מעלות, וואָס איהר האָט דאָ אויסגערעכענט פון אייער פאָטער, האָט ער נאָך אַ גרויסע מעלה, וואָס ער איז אויך אַ גנב. די גאַנצע משפחה איז אויפגעציטערט געוואָרען פון שרעק, ווייל זיי האָבען געמיינט, אַז אַזוי ווי איך קען זייער פאָטער פון אייראָפּע, קען זיין, אַז ער איז מיר באַקאַנט פון זיין יוגענד אַלס גנב. איך האָב אָנגעהויבען זיי צו ערקלערען מיינע רייד, זאָגענדיג: מיינע

הערען! איהר האָט אַ טעות, ווען איהר מיינט, אַז אייער פאָטער איז שוין אַ פאָלקאָמענער אַמעריקאַנער. טוהט׳ס נאָר אַ קוק, ווי ער האָט זיך פאַר׳גנב׳עט פונ׳ם טיש, שטעהט זיך אין אַ ווינקעל און דאַווענט מנחה. אַלע האָבען געווענדעט זייערע אויגען צו דעם ווינ־קעל, וואו איך האָב זיי געוויזען, און האָבען געזעהן, אַז עס איז טאַקע אמת.

דער אַלטער איז שוין העכער פערציג יאָהר אין אַמעריקא, לעבט צווישען זיהן און טעכ־טער, איידים׳ס און שניר, וועלכע זענען אַלע כמעט גע־בוירענע אַמעריקאַנער און פאַרשטעהט זיך, אַז די סביבה זיינע קען איהם נישט דערמאָהנען מנחה צו דאַווענען, און וואָס איז אַלזאָ די סיבה, אַז ווען עס איז אָנגעקומען די צייט פון מנחה דאַווענען, האָט ער נישט געקענט בלייבען זיצען מיט זיי ביים טיש, און אַזוי ווי עמיצער וואָלט איהם מיט געוואַלד אויפגעהויבען פון טיש און איהם אַוועקגעשטעלט אין ווינקעל אַריין דאַווענען? די תשובה אויף דעם איז, אַז: „גרסא דינקותא״, דאָס הייסט: די געוואוינהייט פון קינדווייז־אָן פאַרגעסט זיך נישט. אין זיין קינדהייט האָט ער געלעבט אין אַ סביבה פון יראים און שלמים, וועלכע ווערען ערציטערט פון ג־ט׳ס וואָרט, האָט געלערענט ביי אַ רבי, אַ ירא שמים, אַ פרומען, וועלכער האָט גענומען ווייניג שכירות און אַ סאַך געלערענט מיט זיינע תלמידים. מיט אַלע זיינע כחות האָט ער זיך באַ־

מיהט איינצו-וואָרצלען אינ׳ם האַרץ פון זיינע קליינע תלמידים תורה און יראת שמים. דעם כלל האָבען מיר, אַז דער וואָס בלאָזט ערגעץ אַריין, בלאָזט ער אַריין פון זיין אייגענעם. אויב אין דעם רבי׳נס האַרץ איז געווען יראת שמים, האָט ער דאָס אַריינגעבלאָזען אין די הערצער פון זיינע תלמידים. דעריבער איז דער דאָזיגער אַלטער, אויך נאָכדעם ווי ער איז שוין אָפּ־געווען העכער פערציג יאָהר אין אַמעריקא, געפינענ־דיג זיך אין אַ פרעמדער סביבה, דאָך איז קיין זאַך נישט אימשטאַנד אַרויסצורייסען פון זיין האַרץ דאָס, וואָס עס איז דאָרט פאַרפלאַנצט געוואָרען אין זיינע קינדערשע יאָהרען. אָבער אויב דעם רבי׳ן, וועלכער לערענט מיט די קינדער פעהלט אַליין יראת שמים, קענען זיינע תלמידים געווים קיין יראי שמים נישט זיין.

**דעריבער** האָט דער מלך אחז באַשלאָסען צו לאָזען די אַלטע זיך פיהרען, ווי זיי ווילען און די אַלע רעפאָרמען, וועלכע ער האָט געפּלאַנט איינצופיה־רען, אָנצואווענדען נאָר ביי דער ערציהונג פונ׳ם יונ־גען דור. דאָס וואָס מען זייט, שניידט מען. און אַזוי אַרום וועלען בטל ווערען די אַלע למודים פונ׳ם אַל־טען טיפּ — מען וועט מעהר נישט לעהרנען די קינדער העברעאיש און די רעליגיעזע למודים, און ממילא וועלען נישט קיין תלמידים אין די ישיבות, וועלען נישט זיין קיין בעל-בתים, וואָס וועלען זיצען און לערנען. און אויב בעלי־בתים וועלען נישט לערנען, וועלען זיין

עמי־הארצים, ממילא וועלען נישט קיין זקנים, דאָס מיינט: רבנים, גדולי ישראל, וואָרום אויב די בעלי בתים זענען עמי־הארצים, צו וואָס דאַרפען זיי רבנים לומדים? און אויב עס וועלען נישט זיין קיין זקנים, וועלען אויך נישט קיין נביאים, דען פאַר וועמען וועט ער זאָגען נביאות, פאַר וועמען וועט ער רעדען הייליגע תורה אין דער הייליגער שפּראַך? די יונגע פאַרשטע־הען שוין נישט מעהר אונזער שפּראַך און אויך די בעלי בתים און די רבנים פון דעם נוסח, און אויב די גאַנצע געזעלשאַפט וועט אַזוי זיין, וועט ג־ט נישט מאַכען רוהען זיין שכינה אויף ישראל, דאַן וועט מען פּטור ווערען פון ג־ט אינגאַנצען. דער פאָרשלאַג פון דעם מלך אחז איז אָנגענומען געוואָרען. מען האָט גלייך פאַרמאַכט אַלע תלמוד תורות און ישיבות. די אַלטע רבנים זענען אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון זייערע שטע־לעס, די העברעאישע שפּראַך האָט אויפגעהערט צו זיין די פאָלקס־שפּראַך. אַזוי ווי אין שולע, אַזוי אויך אין גאַס, אין די ביוראָ׳ס (אָפּיסעס). די צייטונגען האָ־בען אָנגעהויבען צו ערשיינען אין פרעמדע שפּראַכען. אין אַלע רעגירונגס־אַנשטאַלטען איז נישט ערלויבט געווען זיך צו באַנוצען מיט אונזער שפּראַך און אויך אַלע עפענטליכע באַקאַנטמאַכונגען זענען געשריבען געוואָרען אין פרעמדע שפּראַכען. דאָס איז דאָס בילד פון אחז׳ס תקופה.

# דאָס אייביגקייט פון ישראל
# וועט נישט לייקענען

**וואָס איז** די מיינונג פון די לעזער, אָדער צוהערער: נאָך אַזאַ גרויסער מלחמה מיט דעם טראַ־דיציאָנעלען יודענטהום, וואָס וועט שוין זיין נאָך אונז? צי וועט מעגליך זיין אין דעם קומענדיגען דור נאָך אונז צו געפינען אַ מנין צו דאַוונען בצבור? צו וועט זיך געפינען אין דעם קומענדיגען דור אַ תלמיד חכם אין תורת ד׳? וועט איהר דאָך געווים ענטפערען, אז עס איז קיין שום צווייפעל נישט, אַז מען וועט אַפילו אויף אַ רפואה נישט געפינען אַ געטרייען איד צו ג־ט און צו זיין תורה. די פראַגע האָב איך שוין לאַנג גע־פרעגט ביי איינינע אַלטע לייט: וואָס וועט זיין מיט דעם קומענדיגען דור? און דער ענטפער איז געווען נאָר אַ ביטערער. און דאָס איז געווען די תשובה: מיר מיט זיך אַליין זענען מיר זיכער, מיט אונזערע אייניקלעך זענען מיר אויך זיכער, נאָר מיט אונזערע קינדער זע־נען מיר אין צווייפעל. דאָס הייסט: מיט זיך אַליין זענען מיר זיכער — ווייל מיר זענען געבוירען געוואָ־רען אידען, און מיר וועלען איבער הונדערט און צוואַנ־ציג יאָהר שטאַרבען אידען. אַזוי זענען מיר זיכער מיט אונזערע אייניקלעך. זיי זענען געבוירען געוואָרען גוים און זיי וועלען שוין בלייבען גוים. אַזוי ווי זיי זענען ערצויגען געוואָרען, אַזוי וועלען זיי אויפוואַקסען. נישט

זיכער זענען מיר נור מיט אונזערע קינדער. זיי זענען ספק איד, ספק גוי. צווייזייטיג: אמאל אהער, אמאל אהין. אבער די תשובה איז נישט קיין ריכטיגע. לאמיר נאר אויפמישען עטליכע פרקים פון דער געשיכטע פון אונזער פאלק פון דער שפאנישער תקופה, בעת פיעל פון אונזערע ברידער האבען געביטען די רעליגיאן לפנים וועגען, האבען מיר דאן געמיינט, אז מיר זענען שוין מיט זיי פארלוירען, חס ושלום. אבער ווען מיר לייענען נאכהער די געשיכטע פון די אייניקלעך פון די מאראנען (די געטויפטע לפנים), געפינען מיר, אז זיי האבען זיך אומגעקערט מיט זייער גאנצען הארצען צו אונזער ג-ט, צו אונזער פאלק און צו אונזער תורה. פיעל פון זיי האבען געשאפען אין חכמת היהדות, גע-בענשט זאל זיין זייער אנדענק. אויך פון דער געשיכ-טע פונ'ם קעניג אחז און זיין זוהן חזקי' המלך זע-הען מיר, אז מיר דארפען זיך נישט מיאש זיין פון די נאך אונז קומענדיגע דורות, נאר מען דארף האפען, אז „נצח ישראל לא ישקר", וועלכער האט אונז פארשפרא-כען „זרעו לעולם יהיה" (תהלים קאפיטעל פ"ט), דאס הייסט, אז די קינדער וועלען בלייבען אויף שטענדיג. ווי האט באדארפט זיין דער דור, וועלכער איז געקומען נאך אחז'ן, לויט אונזער פשוט'ן, אויבערפלעכליכען פארשטאנד? וועלען מיר געוויס זאגען, אז לויט אחז'ס סיסטעם און זיינע שלעכטע מעשים, וואס ער האט גע-טאן געגען ג-ט, האט געלאזט מאכען געצענבילדער, האט פארברענט זיין זוהן אין פייער, נאכטהוענדיג די

פרעמדע פעלקער, און אין אלע שטעדט פון יהודה האָט ער געבויט מזבחות פאַר פרעמדע געטער אום צו דערצערענען ג־ט. נאָך דעם אַלעמען וואָלט געוויס זיין זוהן באַדאַרפט צו זיין מיט פיעל פראָצענט ערגער פון איהם, אַזוי ווי עס פיהרט זיך אין דער וועלט. אָבער דאָך איז אַנדערש פאָרגעקומען. דער קעניג חזקיה׳ איז נאָר געווען אחז׳ס קערפערליכער זוהן, אָבער נישט זיין גייסטיגער זוהן. מיט זיין גייסט און נשמה איז ער נישט געווען אחז׳ס זוהן, נאָר ישעיה הנביא׳ס זוהן. ער איז נאָכגעגעאַנגען די טריט פונ׳ם נביא און האָט געטאָן דאָס, וואָס איז געווען רעכט אין די אויגען פון ג־ט. ער האָט צושיקט בריעף צום גאַנצען פאָלק צו קומען אין ג־ט׳ס הויז. אין די בריעף האָט ער זיך געבעטען ביי זיי: „ואל תהיו כאבותיכם וכאחיכם אשר מעלו בה׳״, — „איהר זאָלט נישט זיין, ווי אייערע עלטערען און ווי אייערע ברידער, וועלכע זענען געווען אומטריי צו ג־ט״. עס ווערט געבראַכט אין מסכת סנהדרין, דף צ״ד, אויף דעם פסוק (ישעיה קאַפּיטעל א׳): „וחובל עול מפני שמן״ (עס וועט צובראָכען ווערען דער יאָך פאַר דעם פעטס): „אמר רבי יצחק נפחא, חובל עול של סנחריב מפני שמנו של חזקי׳, שהיה דולק בבתי כנסיות ובבתי מדרשות. מה עשה? נעץ חרב על פתח בית המדרש ואמר: כל מי שאינו עוסק בתורה ידקר בחרב. בדקו מדן ועד באר שבע ולא מצאו עם הארץ. מגבת עד אנטיפרס ולא מצאו תינוק ותינוקת, איש ואשה, שלא היו בקיאין בהלכות טומאה וטהרה״.

(רבי יצחק נפחא האָט געזאָגט: עס איז צובראָכען געוואָרען די שווערד פון סנחריב צוליעב דעם בוימאייל פון חזקיה׳, וואָס האָט געברענט אין די שוהלען און די בתי מדרשים. ער האָט אַריינגעשטעקט אַ שווערד איבער׳ן טיר פון בית המדרש און האָט געזאָגט: דער וואָס וועט נישט וועלען עוסק זיין אין דער תורה זאָל געשטאָכען ווערען מיט דעם שווערד. האָט מען געזוכט פון דער שטאדט דן ביז דער שטאדט באר שבע, דאָס הייסט: פון איין עק לאַנד ביז דעם צווייטען עק לאַנד און מען האָט קיין עם הארץ נישט געפונען. מען האָט געזוכט פון גבת ביז אנטיפרס און מען האָט נישט געפונען אַ אינגעל, אָדער אַ מיידעל, אַ מאַן אָדער אַ פרוי וועלכע זאָלען נישט קלאָר זיין אין די דינים פון טומאה און טהרה). אין משך פון אזא קורצע צייט איז פאָרגעקומען אַזאַ גרויסע ענדערונג אין יודענטהום. דער פאָטער האָט אַלץ אויסגעריסען: די תורה, די אידישקייט און יעדעם הייליגטום. ער האָט אונטערגע־בראָכט די תלמוד תורות פון די קליינע. האָט גערוי־כערט פאַר די פרעמדע געטער, און האָט דערצערענט ג־ט. איז געקומען נאָך איהם זיין זוהן און צובראָכען די מצבות, האָט אָפּגעשניטען די געצענבוימער, האָט צושטערט די מזבחות, וואָס זיי פאָטער האָט געבויט פאַר פרעמדע געטער, האָט געריייניקט ג־ט׳ס הויז, האָט אַרויסגענומען אַלע אומרייניקייטען פון ג־ט׳ס פּאַלאַץ, און האָט געצוואונגען צו ברענגען די קינדער אין די תלמוד תורות און בתי מדרשים, זיי צו לערנען ג־ט׳ס

תורה און עס איז אומעטום ליכטיג געוואָרען. און עס איז מקוים געוואָרען אין דעם דור פון חזקי׳ המלך: „וכל בניך למודי ה׳" (אַלע דיינע קינדער זענען ג־ט׳ס געלעהרענטע). מען האָט געזוכט פון דן ביז באר שבע, פון גבת ביז אנטיפרס, דאָס הייסט, פון צפון ביז דרום, פון מזרח ביז מערב, האָט מען געזוכט און מען האָט נישט געפונען קיין עם הארץ — מען האָט נישט גע־פונען אַזעלכען, ווער עס זאָל נישט וויסען די דינים פון טומאה און טהרה. יעדעם קינד האָט געוואוסט, אַז די דינים און מנהגים פון ג־ט׳ס תורה זענען הייליג און ריין, און די דינים און מנהגים פון אשור און מצרים און זייער גלייכען, זענען טמא, אומריין. דער טאָג פון שבת איז הייליג, און דער זונטאָג׳דיגער טאָג איז וואָכענדיג. די חנוכה־ליכט זענען הייליג, ווייל זיי זענען דער סימבאָל פון דער הייליגקייט, וואָס מיר פייערען דעם נצחון פון ליכט איבער פינסטערניש, פון הייליגקייט איבער אומהייליגקייט, וואָס איז אָפּגעהאַל־טען געוואָרען דורך די הייליגע חשמונאים און זייערע זיהן, אָבער יענע ליכטלעך פון דעם געבורטס־טאָג . . . זענען אונז פרעמד.

## פסח אין ארץ ישראל
## אין דער צייט פון חזקי׳ המלך

לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַ בילד פונ׳ם יום טוב פסח אין ירושלים אין די צייטען פון חזקיה׳ המלך. אינ׳ם ערשטען טאָג פסח נאָך מיטאָג, אין דעם גרויסען בית־מדרש, וואָס אין דעם קעניג׳ס גאַס, איז פאַרזאַמעלט אַ גרויסער פובליקום. אַרום די טישען זיצען די עלטסטע פון יהודה און סתם בעלי־בתים. גמרות פסחים ליגען אָפען פאַר זיי ביי דעם ענין פון שיטת רבי חנינא סגן הכהנים. דער רבי פאַר׳ן עולם, איינער פון די ערשטע מלוכה־באַאַמטע, ערקלערט פאַר זיי דעם אינהאַלט פון דעם ענין אין דער גמרא מיט גע־שמאַק. אַלע אַנוועזענדע, די אַלטע און די יונגע, זענען זיך מפלפל אין דעם ענין. מנחה־צייט, קומט אַריין אין בית מדרש אַנ׳אַלטער מאַן, איינער פון די לעצטע פון דעם אַלטען דור, אין דער צייט פון אחז, צו זאָגען קדיש נאָך זיין פאָטער, וואָס יענער טאָג איז געווען זיין יאָהרצייט. דער אַלטער געהט צו צום שמש און בעט איהם, ער זאָל מיט איהם זאָגען קדיש. דערביי ווייזט ער אַרוים זיין אומצופרידענהייט, וואָס דאָס לער־נען געדויערט אזוי לאנג. און זאָגט צום שמש: „עס איז דאָך שוין צייט צו דאַווענען מנחה“. דאַן ווערט דער שמש אין כעס אויפ׳ן אַלטען און רופט זיך אָן צו איהם: „געעהרטער הערר דזשאַן! וואָס מיינט איהר, אז די

לערנער ווייסען נישט, ווען די צייט איז צו דאַווענען מנחה? און בכלל ווער זענען מיר, אַז מיר זאָלען זיי שטערען פון זייער לערנען? צו מיינט דען דער הערר דזשאַן, אַז די לערנער זענען עפּעס פון א טיפּ בטלנים? איך וועל אייך זאָגען, ווער זיי זענען — און ער ווייזט אָן אויף יעדען איינעם מיט זיינע פינגער: דער, וועלכער זיצט אויבן־אָן, איז דער קריעגס־מיניסטער. און דער, וועלכער זיצט אויף דער צווייטער זייט, איז דער יוס־טיץ־מיניסטער, און דער, וואָס נעבען איהם, איז דער פּראָפעסאָר פון אַסטראָנאָמיע. און אַזוי ווייזט ער איהם אויף יעדען איינעם פון די יונגערע און ערקלערט איהם, ווער זיי זענען און וועמענס זיהן זיי זענען. אלזאָ, מיין טייערער דזשאַן, צי בין איך, אדער איהר ראוי זיי צו זאָגען, ווען דער זמן מנחה איז? מיר דאַכט זיך, אַז זיי ווייסען בעסער, ווען די צייט פון זון־אונטערגאַנג איז, זיי קאָנען אונז זאָגאַר זאָגען די צייט פון זון אונטערגאַנג פון דעם פּסח, וואָס וועט זיין אין טויזענ־טער יאָהרען ארום". ר' דזשאַן האָט זיך געביסען די ליפּען און געשוויגען. ווען דאָס לערנען האָט זיך גע־ענדיגט, האָט מען געדאַווענט מנחה. נאָך „עלינו", האָט דער אַלטער דזשאַן נאָכגעזאָגט קדיש, וואָרט ביי וואָרט, נאָכ'ן שמש. דאָס הייסט, אַז דער שמש האָט געזאָגט קדיש נאָך דזשאַנס פּאָטער און דזשאַן האָט נאָכגעשטאַמעלט, אזוי ווי א גר, וועלכער האָט זיך נישט לאַנג מגייר געווען. די יונגעלייט האָבען זיך נישט גע־קענט איינהאַלטען פון געלעכטער. נאָך דעם קדיש איז

דער אַלטער צוגעגאַנגען צו די יונגעלייט און האָט זיי אויסגערעדט, פאַרוואָס זיי האָבען פון איהם געלאַכט. זיי האָבען איהם געענטפערט, אַז עס איז טאַקע אַ גע־לעכטער, אַז אַזאַ אַלטער מאַן, ווי ער, וועלכער האָט געדאַרפט זיין איינער פון די אויבען־אָן זיצער ביי דער גמרא און אונטערהאַנדלען וועגען די שווערע ענינים, וועלכע מען האָט ערשט געלערענט — קען נישט אפילו קיין עברי.

## פאַלשקייט האָט ניט קיין קיום

דער אַלטער האָט זיך פאַרענטפערט מיט טרערען אין די אויגען און האָט צו זיי געזאָגט:
ווי גליקליך זענט איהר, יונגעלייט, וואָס איהר זענט געבוירען געוואָרען אין דער צייט פון חזקי׳ המלך דעם צדיק, אָבער וואָס בין איך שולדיג, אַז איך האָב געהאַט דעם אומגליק געבוירען צו ווערען אין דער צייט פון קעניג אחז, וועלכער האָט געטאָן דאָס, וואָס ביי ג־ט אין די אויגען איז געווען שלעכט, און האָט פאַרמאַכט אַלע רעליגיעזע שולען, און האָט אַרויסגע־ריסען די תורה פון די קינדער׳ס מיילער. ער האָט אומ־גליקליך געמאַכט די אידישע קינדער, און איך בין איי־נער פון די קרבנות, וועלכע זענען פון זיין האַנט גע־

פאַלען — אַזוי און אַזוי זאָל אויף איהם קומען! די כוונה קען מען זאָגען אויף דעם, וואָס די גמרא זאָגט: „שגירר עצמות אביו במטה של חבלים" (אז חזקי' המלך האָט געשלעפּט די ביינער פון זיין פאָטער מיט שטריק). דאָס איז דער געדאַנק: אז דאָס וואָס חזקי' האָט פאַרשפּרייט תורה צווישען אידען, האָט געשאַפען אַ נייע ליכטיגע תקופה אינ'ם לעבען פונ'ם פאָלק. און די עפענטליכע מיינונג איז געווען, אַז מען זאָל די ביינער פון אחז'ן אַרויסשלעפען פון קבר [מיר געפינען אין חז"ל פיעל מאָל, ווען זיי דערמאָנען אַ שלעכטען מענש, אַ געשטאָרבענעם, שענדען זיי זיינע ביינער. זיי זאָגען אויף איהם „שחיק טמיא", די ביינער זאָלען איהם צוריבען ווערען]. אז מיר קוקען זיך גוט צו זעהען מיר, אַז „שקרא לא קאי". אַז דאָס וואָס ווערט געבויט אויף פאַלשקייט, האָט קיין קיום נישט. אחז'ם סיסטעם האָט באַנקראָטירט. אחז'ם במות ווערען מיט ג-ט'ס הילף פון טאָג צו טאָג ווינציגער און געהען אונטער. עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע זייער שטרעבונג איז געווען אויסצובעסערען דאָס יודענטהום. אָבער דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז זיי האָבען נישט אויסגעבעסערט, נאָר פאַרערגערט. זיי האָבען געמיינט, אַז דאָס נאָכמאַכען און דאָס איינפיהרען די גוי'אישע מנהגים אין זייערע טעמפלען, אַז מענער און פרויען וועלען דאָרטען זיצען צוזאַמען, און די תפילות וועלען ווערען אָפּגעריכט מיט אַנטבלויזטע קעפּ, און דער כאָר וועט זיין אַ געמישטער, פון זכרים און נקבות, און

אפילו קריסטליכע מיידלעך וועלען זינגען דעם „שמע ישראל”, און עס וועט ווערען אויסגעמעקט פון דעם נוסח התפלה דער זכר פון ציון און ירושלים, און די הויפט־שטאדט פון זייער לאנד אין גלות, וועט זיין זייער ירושלים — דאס וועט ברענגען זייער הילף. אזוי האט זיך עס געצויגען ביז עס איז אויפגעשטאנען דער מאדערנער המן מיט די אלטע מיטלען פון דער תקופה פון מיטעלאלטער ,און האט אויפגעוועקט די רעפארמער פון זייער געשמאקען שלאף, און האט זיי געבראכט צום באוואוסטזיין, אז די הויפט־שטאדט פון דער דאזיגער מדינה איז נישט ירושלים. און נאך איין גרויסען עיקר האט ער זיי געגעבען צו וויסען, אז זיי זענען נישט קיין בירגער פון דעם דאזיגען לאנד. און אויב אויף איינעם פון די גויים וועט פאלען דער קלענסטער פארדאכט, אז אין זיין בלוט האט זיך אריינגעמישט א טראפען אידיש בלוט, וועט געמאכט ווערען אנ'אנאליז אונטער־צושיידען פון בלוט ביז בלוט, אפילו ביז צום צעהנטען דור, און אויב עס וועט זיך ארויסווייזען, אז זיינע בלוט איז נישט קלאר און ריין, אז עס געפינט זיך אין איהם עטוואס פון אידישען בלוט, דאן וועט ער ער־קלערט ווערען אלס טמא און וועט אויסגעשלאסען ווע־רען פון דעם „אדעל־פאלק”. אין דער גזרה זענען פאר־רעכענט אלע שטאנדען: סוחרים, בעלי מלאכות, הויז־באזיצער, דאקטוירים, אדוואקאטען און פראפעסארען. די אסימיליאטארען האבען זיך אויפגעוואכט פון זייער שלאף און האבען ערקלערט מיט'ן פולען מויל: „מיר

און נאָך מעהר אונזערע עלטערען האָבען געזינדיגט". און מיט כעס דערמאָהנען זיי זייערע עלטערען און לעהרער, וועלכע האָבען זיי ערצויגען אַלס נייע באַשע־פעניש און זיי פרעגען: „האבות אכלו בוסר ושני הבנים תקהינה?" (דאָס הייסט, די עלטרען האָבען געגעסען אומצייטיגע פרוכט, און די קינדער'ס ציין זאָלען ווע־רען אייליג). אונזערע עלטערען האָבען געזינדיגט און מיר דאַרפען פאַר זיי ליידען? זיין קלאַפּען זיך אין האַרץ אויף די זינד, וואָס זייערע עלטערען זענען באַ־גאַנגען געגען אידישען ג־ט און אידישען פאָלק, געגען דער אידישער תורה, געגען אידישען לאַנד און זיין שפּראַך. שטרעקען אוים אַ האַנט צום כלל ישראל, בעטען הילף און רעטונג, אַרויסצונעהמען זיי פון זייער פאַלשען ארץ ישראל און זיי אַריינברענגען אין אונזער הייליגען לאַנד, אונטער די פליגעל פון דער שכינה און ישראל. ווי אַנגענעהם איז צו הערען, ווי אונזערע טעכ־טער, די אַרויסגעהענדע פון גלות אשכנז, ערציהען זיי־ערע קינדער אין אונזער שפּראַך און זייער זוהן, וועל־כען מען האָט גערופען לעאָן, רופט מען שוין היינט **אריה**. און אז עס כאַפּט זיך ביי זיי אַמאָל ארוים פון זייער מויל, נישט ווילענדיג דער נאָמען „לעאָן", שפּייט מען אוים און מען פאַרבייט געשווינד אויף „אריה". דייטשישע זעכציג און זיבעציג יאָהריגע אידען האָבען זיך גענומען לעהרער, זיי זאָלען זיי לערנען די העברע־אישע שפּראַך. מיט'ן פולען באַוואוסטזיין קענען מיר פעסטשטעלען, אַז עס איז געקומען די תקופה פון

חזקי׳ המלך. דאָס ליכט פון דער תורה האָט אָנגע־
הויבען צו לייכטען. אין אַלע לענדער זענען די תלמוד־
תורות פול געוואָרען מיט אידישע קינדער. אין אַלע
עקען וועלט זענען געגרינדעט געוואָרען ישיבות פאַר
בחורים צו לערנען גמרא, תוספות און פוסקים. גאַר אינ־
גיכען וועט קומען דער טאָג, און מען וועט מאַכען אַן
אונטערזוכונג אין אַלע ערטער, וואו אידען זענען פאַר־
שפרייט און עס וועט נישט געפונען ווערען קיין איין
עם הארץ, קיין מאַן און פרוי, אינגעל און מיידעל, וואָס
זאָלען נישט וויסען די דינים פון טומאה וטהרה. ליעבע
ברידער, היט זיך פאַר דעם גרויסען און שרעקליכען
טאָג, אַז די איבערגעבליבענע קינדער פון דעם אַלטען
דור זאָלען אייך נישט שילטען מיט דער קללה פונ׳ם
אַרויסשלעפען די ביינער פון די קברים! נישט גענוג,
וואָס זיי וועלען נישט זאָגען „קדיש״ נאָך אייך, און
נישט קומען צו „יזכור״, נאָר פאַרקערט, זיי וועלען
שענדען און זידלען די עלטערען פאַר אַזאַ ערציהונג,
צו זיין פרעמד צו אונזער ג־ט און צו אונזער פאָלק און
בלייבען, ווי אָפּגעריסענע גלידער פון דעם קערפּער.
ברידער, „הגיע זמן של שחרית״, עס האָט אויפגע־
שיינט דער פריהמאָרגען. לערענט זיך אויסצובעסערען
אייערע מעשים. ערציהט אייערע קינדער אין דעם
וועג, וועלכער פיהרט צו ג־ט׳ס הויז, און זאָל הער־
שען פרידען צווישען זוהן און עלטערען. „וה׳ יברך את
הנערים ויקרא בהם שמי ושם אבותי״ — ג־ט זאָל בענ־
שען די יוגענד, דאָס אין זיי זאָלען גערופען ווערען

אונזער נאָמען און דער נאָמען פון אונזערע עלטערען.
„וחובל עול מפני שמן" — דער יאָך פון שווערען גלות
זאָל צובראָכען ווערען פאר דעם בוימאייל, וואָס וועט
לייכטען — אונזער תורה.

## כבוד תלמיד חכם

„ואת יראי ה׳ יכבד" (די ג-טס-פאָרכטיגע גיט ער
אָפּ כבוד) — דאָס מיינט יהושפט מלך
יהודה, וועלכער אַז ער האָט געזעהן אַ תלמיד חכם
פלעגט ער אויפשטעהן פון זיין שטול, איהם אַרומ-
גענומען און געקושט, רופענדיג איהם: „מיין פאָטער,
מיין רבי, מיין הערר". איינע פון די סיבות, פאַרוואָס
אונזערע קינדער דערווייטערען זיך פונ׳ם לערנען די
הייליגע תורה, איז ווייל זיי קוקען זיך צו ווי די, וועלכע
שטעהען אין דער שפּיץ פון אונזער פאָלק, באַעהרען
און שעצען די אַלע געלעהרענטע, זאָל זיין וועלכע עס
איז. אָבער די בני תורה, תלמידי חכמים פון געטליכער
לעהרע, נישט געוונג, וואָס זיי שעצען זיי נישט, נאָר
פאַרקעהרט. איך האָב געזעהן געבראַכט אין נאָמען
פונ׳ם גרויסען גאון פון זיין דור רבנו צבי רבינוביץ,
קאָוונער רב זצ"ל, וועלכער האָט ערקלערט דעם פאָל-
גענדען פסוק: „השליך משמים ארץ תפארת ישראל"

אויף פאָלגענדען אופן: אַמאָל פלעגען די הימעל־זאַ־
כען זיין „תפארת ישראל", די שענקייט און די פּראַכט
פון אידען. יעדער פאָטער, יעדע מוטער און יעדע פאַ־
מיליע האָבען שטאָלצירט און זיך באַריהמט דערמיט,
וואָס אין זייער פאַמיליע געפינען זיך תלמידי חכמים,
געלעהרטע, גאָטספאָרכטיגע, טעהטיגע מענשען. און
היינט איז: ארץ תפארת ישראל — דאָס הייסט: דאָס
ערדישע איז געוואָרען די פּראַכט, די שענקייט. מיט
וואָס באַריהמט מען זיך היינט — מיט דעם, וואָס אין
דער משפחה געפינט זיך אזעלכער, וועלכער פארנעה־
מען זיך מיט ערדישעס. דערמיט ערקלער איך דאָס,
וואָס מיר געפינען אין מסכת חגיגה, דף ה': „רבי הוה
נקט ספר קינות וקא קרי בגויה, כי מטא להאי פסוקא
„השליך משמים ארץ" נפל מן ידיה. אמר: מאיגרא
רמי לבירא עמיקתא". (דאָס מיינט: רבי האָט געהאַל־
טען דעם ספר קינות און האָט איהם געלייענט. ווען ער
איז צוגעקומען צום פסוק „השליך משמים ארץ תפארת
ישראל" (ער האָט אַראָפּגעוואָרפען פון הימעל אויף דער
ערד די שענקייט פון ישראל), איז איהם דער ספר
אַרויסגעפאַלען פון זיינע הענט. דאַן האָט ער געזאָגט
די ווערטער: פון דעם גרעסטען הויך אין דעם טיעפ־
סטען גרוב אריין). רבי הקדוש, דער גרויסער פאָלקס־
פיהרער, האָט זיך געשטאַרקט איבער זיין טרויער,
ווען ער האָט געלייענט אין דעם ספר קינות וועגען דעם
חורבן פון אונזער פאָלקס־אויפלעבונג, האָט איהם גע־
געבען כח זיך צו שטאַרקען און צו וואַרטען אויף דער

באפרייאונג. אָבער ווען ער איז צוגעקומען צום פסוק „השליך משמים ארץ תפארת ישראל", דאָס הייסט: אַז עס איז שוין נישטאָ ביי אונזער פאָלק דער עהרע־געפיהל און קיין זין פאַר שענקייט, דאַן האָט ער זיך שוין נישט געקענט מעהר באַהערשען. זיינע הענט האָבען אָנגעהויבען ציטערען, און דער ספר איז פון זיי אַרויסגעפאַלען. און מיט זיין גאַנצער פאַרביטערונג האָט ער אַרויסגעלאָזט פון זיין מויל די ווערטער: מאיגרא רמא לבירא עמיקתא. דאָס הייסט: אַלץ איז שוין חרוב געוואָרען. דוד המלך עליו השלום מיט זיין טיעפען בליק וואָרענט אונז, אַז דאָס איז איינע פון די פונדאַמענטען פונ׳ם יודענטהום: צו עהרען און צו שעצען די יראי ה׳ (די ג־ט׳ס־פאָרכטיגע). וואָס וועט העלפען צו ערציהען אַ דור פון למודי ה׳ (ג־ט׳ס געלעהרטע), וואָס דורך איהם וועט געבויט ווערען דער פאָלקס־בנין.

## האָט געשוואוירען זיך אַליין שלעכטס טאָן און זיין וואָרט נישט געביטען

אַזוי ווי מיר געפינען ביי רבי יוחנן, אַז זייענדיג איינמאָל ביים נשיא, וואו מען האָט איהם פאַרבעטען צום עסען און וועלענדיג זיך אַרויסמאַכען נישט צו עסען, האָט ער געזאָגט: איך טהו אַ נדר, איך זאָל נישט עסען ביז איך וועל קומען צו זיך אין

שטוב. און כאָטש דער נדר איז דאָך נישט געווען גילטיג, ווייל אַ נדר צו פאַסטען קען מען מאַכען נאָר פון זון-אונטערגאַנג, עס זאָל גילטען אויף מאָרגען, אָבער נישט אין זעלבען טאָג, וואָלט ער דאָך געקענט באַלד עסען, נישט וואַרטענדיג ביז ער וועט קומען אַהיים, דאָך האָט ער נישט געגעסען פריהער. דאָס ווייזט אונז, אַז אַ מענש דאַרף היטען אַלץ, וואָס געהט נאָר אַרוים פון זיין מויל, אפילו ער האָט נישט קיין נדר געטאָן, נאָר סתם געזאָגט.

## דאָס שענדליכעס פון פראָצענט-נעהמען

„כספו לא נתן בנשך" (האָט זיין געלט נישט גע-ליהען אויף פראָצענט), אפילו רבית נכרי (צו אַ פרעמדען, נישט קיין אידען). ליידער זענען מיר שוין צוגעוועהנט געוואָרען צו עסען דעם דאָזיגען שמו-ציגען ברויט. ווען מיר קוקען זיך גוט צו צו דער וואָר-נונג פון דער תורה וועגען דעם ענין פון פראָצענט-נעה-מען, זעהען מיר דעם אויסדרוק פון דער תורה צום דעם מלוה, איז דער אויסדרוק נישט אין אַזאַ שעהנער שפראַך. אָבוואָהל עס איז אַ גרויסער כלל אין דער תורה, אַז מען דאַרף זיך אויסדריקען אין אַנ'איידעלער שפראַך, אַזוי ווי עס איז פאַרהאַן אין מסכת פסחים,

דף ג׳: „לעולם אל יוציא אדם דבר מגונה מפיו, שהרי עקם הכתוב ח׳ אותיות ולא הוציא דבר מגונה, שנאמר: „מן הבהמה הטהורה ומן הבהמה אשר איננה טהורה״. דער מענש דאַרף זיך היטען נישט אַרויסצולאָזען פון זיין מויל נישט קיין איידעלען אויסדריק, אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט אין דער תורה, סדרה נח: „פון די ריינע בהמה און פון די נישט ריינע״. און די תורה דערמאָהנט נישט דעם וואָרט טמא, כאָטש דורך דעם האָט די תורה געדאַרפט רעדען מיט אַכט אותיות מעהר, און דאָ, ביי לייען געלט אויף פּראָצענט, איז די תורה אַרויסגעגאַנגען פון דעם כלל און האָט נישט מקפיד געווען אויף דער שפּראַך, זיך איידעל אויסצודריקען צום מלוה מיט די ווערטער: אל תקח רבית, זאָלסט נישט נעהמען קיין פּראָצענט, נאָר די תורה האָט געזאָגט מיט׳ן לשון: „לא תשיך״ (זאָלסט נישט בייסען), אַזוי ווי מען רעדט צו אַ ווילדער חיה. פון דעם וואָס די תורה האָט אָפּגעטראָטען פון דעם כלל און געפינענדיג, אַז מיט אַזעלכען, וועלכער נעהמט פּראָצענט, איז נישטאָ וואָס זיך צו צערעמאָנירען און רעדען צו איהם איידעל, קענען מיר אָפּלערנען אויף ווי וויית עס דערגרייכט די שענדליכקייט פון לייען געלט אויף פּראָצענט. און ווען מיר וועלען זיך גוט אַריינטראַכטען אין דעם ענין, וועלען מיר זעהען, אַז דער מלוה בייסט אפילו זיך אַליין, דען סוף כל סוף זעהען מיר דאָך דעם פּאַרדינסט פון דעם פּראָצענטניק. דאָס מעהרסטען טייל באַצאָהלט נישט דער לוה נישט דעם

פראָצענט און נישט דעם קרן. דאָס געפינען מיר אין גמרא בבא מציעא, דף ע״ה: „תניא רבי שמעון אומר: מלוי ברבית יותר שמרויחין מפסידין״. ר׳ שמעון זאָגט, אַז דער פאַרלוסט פון די פראָצענטניקעס איז גרעסער, ווי זייער פאַרדינסט. און דאָס זעלבע געפינען מיר אויך דאָרט, דף ע״א: „רבי שמעון בן אלעזר אומר: הא למדת שכל המלוה ברבית נכסיו מתמוטטין״. דער וואָס לייט געלט אויף פראָצענט, געהען זיינע גיטער צו גרונט. מיין מיינונג וועגען רבי שמעון בן אלעזר׳ס רייד איז נישט, אַז דאָס זאָל זיין אַ קללה, נאָר דאָס איז זיינס אַ בליק אויף דעם ענין, ווייל אַזוי איז דער פאַקט, אַז דער לוה סוף כל סוף באַצאָהלט נישט סיי דעם פראָצענט און סיי דעם קרן. היוצא מדברי, וואָס לערנען מיר דערפון? אַז דער מלוה פאַרלירט זיין געלט מיט זיין עהרע צוזאַמען, און די, וועלכע לייען געלט אויף פראָצענט צו נישט-אידען, מאַכען זיך אַליין פאַרהאַסט, און די אידישע שונאים באַשולדיגען אין דעם דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, דען אַזוי איז שוין דער מזל פון דעם וואַנדערער: „האיש אחד יחטא ועל כל העדה תקצוף״, איין מענש זינדיגט און דער גאַנצער כלל ווערט באַשולדיגט. דוד המלך ע״ה רעכענט דעם „כספו לא נתן בנשך״ צווישען די עלף עיקרים זיינע.

# אונטערקויף פון געלט און אונטערקויף פון כבוד

**„ושוחד על נקי לא לקח"**. (האָט נישט גענומען קיין שוחד אפילו פון אנ׳אומשולדיגען).

דהיינו, ווי רבי ישמעאל בר׳ יוסי, אז זיין „אָרים" (וואָס נעהמט קער אויף די פעלד) האָט איהם געבראַכט זיין חלק פירות פאַר דער צייט, האָט ר׳ ישמעאל איהם געפרעגט, וואָס די אורזאַך, וואָס ער האָט געבראַכט די פירות פריהער? האָט איהם דער אָרים געזאָגט: איך האָב אַ דין תורה ביי דיר, איז פאַר איין וועגם האָב איך שוין געבראַכט דאָס, וואָס איך דאַרף מאָרגען ברענגען. ר׳ ישמעאל האָט נישט צוגענומען די פירות, און באַזונדערס האָט ער איהם געזאָגט, „איך בין פסול צו זיין פאַר דיר אַ דיין". די אויפפיהרונג פון רבי ישמעאל׳ן לערנט אונז, אַז דער איסור פון שוחד נעהמען איז נישט נאָר אויף ווירקליכען שוחד, נאָר אויך אויף אַזעלכעס, וואָס איז נאָר עהנליך צו שוחד, ווי דער פאַל מיט ר׳ ישמעאל: דען דאָס וואָס דער אָרים האָט איהם געבראַכט, איז דאָך נישט קיין מתנה געוועז. דאָס איז דאָך געוועזן ר׳ ישמעאל׳ס חלק. נאָר ר׳ ישמעאל האָט פאַרשטאַנען דערפון, אַז דערמיט, וואָס ער האָט איהם געבראַכט פאַר דער צייט, איז ער אויסגעוועזן איהם צו באַווירקען, ווען ער וועט זיין ריכטער. דוד המלך וואָרענט אונז אַלזאָ, אַז אפילו פון

אַנ׳אומשולדיגען מענש נישט צו נעהמען קיין שוחד, אַבוואָהל דער וואָס גיט דעם שוחד וואָלט זאָ ווי זאָ אַרוים גערעכט אין משפט. אויך אויף אַזאַ אופן טאָר מען קיין שוחד נישט נעהמען, דער דער שוחד האָט אין זיך אַזאַ כוח, אַז סוף כל סוף פיהרט ער אַראָפּ דעם דיין פון ריכטיגען וועג. די תורה האָט אונז צוויי מאָל געוואָרענט: אין סדרה משפטים האָט די תורה געזאָגט: „כי השוחד יעור עיני פקחים”, דאָס הייסט, אַז דער שוחד פאַרבלענדעט די אויגען. און נאָך איין מאָל האָט געזאָגט די תורה אין סדרה שופטים: „כי השוחד יעור עיני חכמים”. וויפיעל קרבנות זענען שוין געפאַלען צוליעב׳ן שוחד! ווייל דער שוחד איז געפעהרליך נישט נאָר ביי אַ משפט, נאָר אין אַלע ענינים פון לעבען: אין פּריוואַטען און אין אַלגעמיינעם. ווען די מענשען וואָלטען געווען פאַרזיכטיג מיט׳ן שוחד, וואָלט נישט איין צרה אויסגעמיטען געוואָרען, סיי ביים פרט און סיי ביים כלל. דער שוחד פאַר-בלענדעט די אויגען פון יעדען איינעם אויף אַזוי פיעל, דאָס ער מיינט, אַז ער איז גערעכט. דער אונטערגע-קויפטער זעהט גאָר נישט די שולד פון דעם אונטער-קויפער, נאָר זיין גערעכטיגקייט. פיעל מאָל קומט אונז צו הערען, ווי איינער קעמפט אין נאָמען פונ׳ם אמת, גערעכטיגקייט און יושר, שטורעמט אויף די וועלט, און עס פאַלט איהם גאָר נישט איין אַ טראַכט צו טאָן, אפשר איז גאָר דער יושר און די גערעכטיגקייט ביים צווייטען צד, ווייל דער קעמפער מיינט, אַז ער

איז גערעכט אויף די גאַנצע הונדערט פראָצענט, און ער איז זיך גאָר נישט חושד, אַז אפשר איז ער אַ נוגע בדבר, פאַראינטערעסירט אין דער זאַך. ער שפּירט גאָר נישט ביי זיך, אַז ער איז אונטערגעקויפט, ווייל דער ענין שוחד איז איינע פון די גאָר דינסטע זאַכען, וועלכע עס איז זעהר שווער צו שפּירען. די תורה זאָגט, אַז דער שוחד פאַרבלענדעט אויך די קלוגע און זע־העדיגע, און אויב די תורה רופט זיי חכמים, זענען זיי דאָך געווים קלוגע, די אמת׳ע חכמים. און דאָך איז דער שוחד אַזוי שטאַרק, אַז ער פאַרבלענדעט אויך זיי. צוליעב דעם שוחד קענען זיי אַ טעות האָבען. שוחד הייסט נישט דוקא געלט — שוחד קען זיין אויך צוליעב מורא און שרעק, שוחד קען אויך זיין צוליעב פאַלשען כבוד. ווען דער מענש וואָלט זיך באַטראַכט: אפשר איז דער גאַנצער שטורעם און טומעל, וואָס איך מאַך אין נאָמען פון׳ם אמת איז גאָר נישט דער ריכטיגער אמת, אפשר איז ער גאָר באַגרינדעט אויף שקר און דאָס וואָס איך שפּיר דאָס נישט, איז צוליעב דעם „איך", וואָס איז אין מיר, און דער „איך" איז אונטערגעקויפט. ווען מיר וואָלטען געמאַכט דעם חשבון, וואָלטען מיר נישט געליטען אַזוי פיעל פון דער קרענק פון פיעל סעקטען און פאַרטייען, וועלכע האָבען זיך אַזוי פאַר־מעהרט. יעדען טאָג וואַקסען זיי צו, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגען. יעדע פאַרטיי ווערט געבוירען אין דעם נאָמען פון דעם אמת, יעדע איינע איז אַ געגנערין פון דער צווייטער אין דעם נאָמען פון אמת, און, פאַר־

שטעהט זיך, אז דאָס איז אונמעגליך, ווייל דער אמת איז נאָר איינער.

עהנליך צו דעם געפינט זיך אין מסכת סנהדרין, דף ק״ב. אויף דעם פסוק (מלכים א׳ י״ג): „אחר הדבר הזה לא שב ירבעם מדרכו הרעה״ (נאָך דער זאַך האָט זיך ירבעם נישט צוריקגעקעהרט פון שלעכטען וועג). „מאי אחר? אמר רבי אבא: אחר שתפשו הקדוש ברוך הוא לירבעם בבגדו ואמר לו: חזור בך, ואני ואתה ובן ישי נטיל בגן עדן. אמר לו: ומי בראש? אמר לו: בן ישי בראש. אמר: אי הכי, לא בעינא!״ דאָס מיינט: וואָס באַדייט „אחר״? האָט געזאָגט ר׳ אבא: נאָכדעם ווי ג-ט האָט אָנגענומען ירבעם׳ען ביי זיין קלייד און צו איהם געזאָגט: קעהר זיך אום, פונ׳ם שלעכטען וועג, וועל איך, דו און דוד המלך שפּאַצירען צוזאַמען אין גן עדן. האָט זיך ירבעם אָנגערופען: און ווער וועט געהן פאָראויס? האָט איהם ג-ט געענטפערט: דוד. דאַן האָט ירבעם געזאָגט: אויב אַזוי, וויל איך נישט. ר׳ אבא ערקלערט אונז: עס זאָל אונז נישט וואונדערען ירבעם׳ס אויפפיהרונג, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מענש, לויט ווי די חכמים דרשנ׳ען אויף דעם פסוק: „וימצא אותו הנביא אחיה השילוני בדרך והוא מתכסה בשלמה חדשה ושניהם לבדם בשדה״. (דער נביא אחיה השילוני האָט איהם געטראָפען אויפ׳ן וועג, און ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ נייער קלייד און נאָר זייביידע זע-

נען געווען אליין אין פעלד). פרעגט זיך: „מאי בשלמה חדשה״? ערקלערט די גמרא: „מה שלמה חדשה אין בה שום דופי, אף בתורתו של ירבעם לא היה בה שום דופי״. (אזוי ווי אין א נייער קלייד געפינט זיך נישט קיין פעהלער, אזוי איז אין ירבעמ׳ס תורה נישט געווען קיין פעהלער). אום צו פארשטעהן ווי אזוי איז ער געזונקען אין דעם גרויסען זינד פון עבודה זרה, צו זיין אליין א זינדיגער און ברענגען אויך אנדערע צו זינד און דורך איהם זאל צושפאלטען ווערען די אידישע מלוכה? ערקלערט אונז די גמרא דעם ענין: אז ג-ט האט אנגענומען אין ירבעמ׳ס קלייד, דאס הייסט ג-ט׳ס גייסט האט איהם אנגענומען, זיין געוויסען האט איהם געפייניגט און האט איהם געזאגט: קעהר זיך אום, און איך, און דו, און בן ישי וועלען צוזאמען שפאצירען אין גן עדן. דאס באדייט: אז ווען עס הערשט אויף דער וועלט דער שלום, איז די וועלט א גן עדן, און דער געטליכער גייסט האט שוין כמעט געמאכט דעם געוואונשטען איינדרוק אויף איהם. און ירבעם האט זיך שוין כמעט געוואלט אומקערען פון זיין וועג. אבער די תאוה צו כבוד און זיין שטאלץ האבען פארטריבען ג-ט׳ס גייסט. אזוי ווי עס געפינט זיך אין גמרא סוטה, דף ד׳: רבי יוחנן אין נאמען פון רבי שמעון בן יוחאי זאגט: דער מענש, וועלכער איז א בעל גאוה איז גלייך, ווי ער וואלט געדינט „עבודה זרה״. ביי א בעל גאוה איז געשריבען: „תועבת ה׳ כל גבה לב״. דאס מיינט: ג-ט האסט דעם

בעל גאוה. און ביי עבודה זרה איז געשריבען: „ולא תביא תועבה אל ביתך", זאָלסט נישט ברענגען קיין העסליכקייט אין דיין הויז. און רבי יוחנן פון זיך אַליין זאָגט: גלייך ווי ער וואָלט געלייקענט אין עיקר, אין ג־ט אַליין, ווי עס איז געשריבען: „ורם לבבך ושכחת את ה' אלקיך". (ווען דו וועסט זיך האַלטען גרויס, וועסטו פאַרגעסען אין ג־ט). און אין מסכת פסחים, דף ס"ו איז פאַראַן אַ מאמר פון רב יהודה אין נאָמען פון רב'ן: „כל המתיהר אם חכם הוא חכמתו מסתלקת ממנו". (ווער עס שטאָלצירט, אויב ער איז אַ חכם געהט פון איהם די חכמה אַוועק). דאָס זעהען מיר אין לעבען. פיעל מאָל טרעפט, אַז מענשען, וועלכע זענען באַוואוסט אַלס חכמים און ווען זיי ווערען געשטרויכעלט דורך דער מידה פון גאוה און דורך יאָגען זיך נאָך כבוד, ווערט ביי זיי די חכמה אויסגעוועפּט, און זייער אויפפיהרונג מאַכט זיי לעכערליך. און עס איז גאָר נישט צו דערקענען, אַז זיי זענען געווען חכמים. דעריבער ווען די תאוה צו כבוד האָט אָנגענומען ירבעמ'ען און עס האָט זיך דערוועקט ביי איהם די פראַגע פון „מי בראש?" ווער וועט זיין אין דער שפּיץ? און ווען עס איז געקומען דער ענטפער, אז „בן ישי בראש", אַז דוד וועט שטעהן אין דער שפּיץ — איז ער געבליבען ביי זיינע זינד. ירבעם האָט זיך געטראַכט: אויב איך וועל אָפּשאַפען די עבודה זרה, וועלען דאָך אַלע אידען דאַן עולה רגל זיין קיין ירושלים און דאָרטען איז דאָך די מלוכת דוד אין דער שפּיץ. די פראַגע פון

„מי בראש״? ווער אין דער שפיץ? — איז משחד די אלע, וועלכע גלוסטען צו זיין אויבן־אָן. און דער שוחד פון כבוד פאַרבלענדעט זיי, נישט צו זעהן דעם קלאָרען אמת. דער „איך״ זייערער שטעהט זיי, ווי אַ שטיין אין וועג. דער אמת פאַרשווינדט, און די מחלוקת און די צוברעקלונג פאַרמעהרען זיך, און אַזוי אַרום ווע־רען געבוירען די סעקטען און פאַרטייען צוליעב די ראשים, און די ראשים זענען אַ רעזולטאַט פון שוחד. און פון דעם פאַרמעהערען זיך די שקרים צוליעב׳ן פאַלשען אמת. דאָס האָבען געזאָגט אונזערע חכמים, זכרונם לברכה, אין מסכת סנהדרין, דף צ״ז. אויף דעם פסוק (ישעיה נ״ט): „ותהי האמת נעדרת״ (עס וועט פעהלען דער אמת), „מלמד שנעשית עדרים, עדרים״. (פון דעם אמת וועט ווערען פיעל סטאַדעס). אין פלוג איז עס דאָך אַ גוטע בשורה, אַז דער אמת וועט זיין וואָס מעהר, און לויט דעם איז דאָך דער דרש געגען דעם פשט פון דעם פסוק? דער פסוק זאָגט דאָך, אַז דער אמת וועט פעהלען. אָבער דער וואָס טראַכט אריין גוט אין זייערע טייערע פערעלדיגע ווערטער, זעהט זייער כוונה. מיר זאָלען קיין טעות נישט האָבען, חס ושלום, און זאָגען, אַז דער נביא האָט נישט געטראָפען אין ציעל מיט זיינע ווערטער, וועלכע ער זאָגט, אַז דער אמת פעהלט. מיר זעהען דאָך פאַרקעהרט, אדרבה, עס זענען דאָך פאַרמעהרט געוואָרען פאַרטייען און פאַרטיי־פיהרער און אַלע קעמפען דאָך פאַר׳ן אמת, — דעריבער ערקלערען אונז די חכמים אונזערע, אַז דאָס

איז דער ריכטיגער סימן, אַז דער אמת איז נישטאָ. די פיעל עדרים (סטאַדעס) פון דעם אמת, איז אַ ריכ־טיגער באַווייז, אַז דער אמת איז נישטאָ. אויב עס איז דאָ אמת מעהר, ווי איינער, איז ער נישט קיין אמת, נאָר ער שטאַמט פון שוחד, וועלכער פאַרבלענדעט די אויגען פון די חכמים, און ווען נישט דער שוחד וואָלט זיך געעפענט די אויגען ביי די חכמים און זיי וואָלטען זיך דערוואוסט, אַז זייער גאַנצע שאַפונג איז נישט פאַר'ן אמת, נאָר דער "איך", וואָס אין זיי, איז דער שעפער פון דעם אַלעם, — און אַזוי איז אויך ביי דעם צווייטען צד. און אַזוי ווערען די כחות און די שכל'ען צוטיילט און ווערען נישט באַנוצט צו איין גאַנצען צוועק. וואָרענט אונז דוד המלך עליו השלום: „ושוחד על נקי לא לקח" — דאָס איז איינע פון די עלף עיקרים. און ענדיגט די ווערטער: „עושה אלה לא ימוט לעולם". ווער עס וועט טאָן און היטען די עלף עיקרים, איז ער זיכער, אַז ער וועט קיינמאָל נישט אונטערגעהן. איז געקומען ישעיה און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויף זעקס. איז געקומען מיכה און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויף דריי. נאָכהער האָט ישעיה אַוועקגעשטעלט אויף צוויי. איז געקומען חבקוק און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויף איינעם, ווי אין פסוק ווערט געזאָגט: „וצדיק באמונתו יחיה".

**דער ריב"ן** זכרונו לברכה ערקלערט: אז אמאָל זענען געווען צדיקים און זיי האָבען געקענט

נעהמען אויף זיך דעם עול פון א סאך מצוות, אבער די לעצטע דורות זענען שוין נישט געווען אזעלכע צדיקים, און ווען זיי וואלטען באדארפט אפהיטען אלע מצוות, וואלט דאך נישט יעדער זוכה זיין. איז געקומען דוד און זיי אוועקגעשטעלט אויף עלף, און אזוי ווייטער. וואס נידעריגער די דורות זענען געווארען, זענען די עיקרים אלץ ווייניגער געווארען". און דער מהרש"א, זכרונו לברכה, ערקלערט: „ווייל די מעהרהייט פון די מצוות, דורך וועלכע מען זאל זוכה זיין צו עולם הבא, קענען נאר פארקומען ביי געצעהלטע מענשען, און אויך נישט אין אלע צייטען, ווייל עס זענען דא פיעל מצוות, וועלכע זענען נאר פאר'ן כהן און נישט פאר'ן ישראל און לוי, און פארקעהרט. און ווידער זענען דא אזעלכע מצוות, וועלכע זענען נאר פאר פרויען, און אזעלכע, וועלכע זענען אויסגעפיהרט געווארען נאר אין דער צייט ווען דער בית המקדש איז געשטאנען און דאס נאר אין ארץ ישראל. אויך ביי די לאווין איז ניט מעגליך, אז יעדערער זאל דורך זיי זוכה זיין, אויב עס איז איהם נישט געקומען אנ'עבירה צו דער האנט, און זאל זיך היטען נישט עובר צו זיין. און אויב אזוי, מיט וואס וועט ער זוכה זיין לחיי עולם הבא? דעריבער האבען די נביאים געגעבען אלגעמיינע כללים פאר'ן גאנצען פאלק אין אלע צייטען, וואס דורך זיי, אדער דורך איינעם פון זיי זאל יעדער איינער קענען זוכה זיין צו עולם הבא, מיט'ן מקיים זיין זיי".

**איך האָב** געבראכט די הייליגע רייד פון מהרש״א ז״ל, וועלכע זענען בריליאַנטען, וועלענדיג, אז אויך די לעזער פון מיין ספר זאָלען געניסען פון זיין ליכט און זיינע געשמאַקע ווערטער. לאָמיר זיך אומקערען צו אונזער ענין. אויב מיר וועלען אָננעמען, אז די כוונה פון רבי מאיר׳ן אין זיין מאמר אין ירושלמי צו צעהלען וועלכע זענען די עיקרי היהדות, וואָס דורך זיי זאָל יעדער איינער פון פאָלק ישראל זוכה זיין צו עולם הבא, איז דאָ צו פרעגען וועגען דעם צוויי פראַגען: א) פאַרוואָס ווערט נישט געבראַכט דער דאָזיגער מאמר פון רבי מאיר׳ן אין מסכת מכות, צו צעהלען די עיקרים, אויף וועלכע ר׳ מאיר האָט אויף זיי גע־שטעלט די פונדאַמענטען פון יודענטהום? ב) אויב מיר וועלען אָננעהמען, אַז די כוונה פון ר׳ מאיר׳ן איז צו צעהלען די עיקרים, וועלכע דורך זיי זאָל מען זוכה זיין לחיי עולם הבא, קומט דאָך אויס, אַז ר׳ מאיר איז נישט איינשטימיג מיט די נביאים וועגען די כללים, וואָס זיי האָבען געגעבען? כדי צו ערקלערען דעם דאָזיגען מאמר פון ר׳ מאיר׳ן, וועלען מיר ברענ־גען נאָך אַ מאמר חז״ל, וועלכער נויטיגט זיך אויך אין אַ ערקלערונג, און דורך דער ערקלערונג פון דעם דאָזיגען מאמר, וועט אונז ערקלערט ווערען אויך דער מאמר פון ר׳ מאיר׳ן. און אַזוי האָבען געזאָגט די חכמים אין מדרש תנחומא, סדרה חקת: „כל דברי תורה צריכין זה לזה, שמה שזה נועל, זה פותח״. דאָס מיינט, אַלע ענינים פון דער תורה נויטיגען זיך איינער אין

דעם צווייטען, וואָס איינער פאַרשליסט, עפענט דער צווייטער.

## א הייליגע נשמה אין א הייליגען קערפּער

**אין מסכת סנהדרין** דף צ״ד. אויפ׳ן פסוק (ישעיה ט׳): „לםרבה המשרה ולשלום אין קץ״, „אמר רבי תנחום: דרש בר קפרא בצפורי: מפני מה כל מקום שבאמצע תיבה פתוחה וזו סתומה? בקש הקב״ה לעשות חזקי׳ משיח, וסנחריב גוג ומגוג. אמרה מדת הדין לפני הקב״ה: רבונו של עולם, ומה דוד מלך ישראל, שאמר כמה שירות ותשבחות לפניך, לא עשיתו משיח, חזקיהו שעשית לו כל הנסים הללו ולא אמר לפניך שירה, תעשהו משיח? לכך נסתתם. מיד פתחה הארץ ואמרה לפניו: רבונו של עולם, אני אומר לפניך שירה תחת צדיק זה ועשהו משיח, שנאמר (ישעיה כ״ד): „מכנף הארץ זמירות שמענו צבי לצדיק״. אמר שר העולם: רבש״ע, עשה צביונו לצדיק זה. יצאה בת קול ואמרה: רזי לי, רזי לי״. דאָס מיינט: רבי תנחום האָט געזאָגט, דאָס בר קפרא האָט גע׳דרש׳נט אין צפורי: פאַרוואָס איז יעדער מם אין מיטען וואָרט אָפען און דעם מם פון פסוק לםרבה המשרה איז אַ שלאָס-מם? ווייל ג-ט

האָט געוואָלט מאַכען חזקיה'ן פאַרמשיח'ן און סנחריב'ן פאַר גוג ומגוג. האָט געזאָגט דער מדת הדין פאַר ג-ט: רבונו של עולם, דוד מלך ישראל, וועלכער האָט געזאָגט אַזויפיעל שירות און תשבחות פאַר דיר, האָסטו איהם נישט געמאַכט פאַר משיח'ן, חזקיה, וועלכער דו האָסט איהם געטאָן די דאָזיגע אַלע ניסים, און ער האָט פאַר דיר קיין שירה נישט געזאָגט, זאָלסטו איהם מאַכען פאַר'ן משיח? דעריבער איז דער „מם" פון דעם וואָרט „לםרבה" מיט אַ שלאָס-מם. און גלייך האָט די ערד געעפענעט איהר מויל און האָט געזאָגט: רבונו של עולם, איך וועל זאָגען שירה אָנשטאָדט דעם דאָזיגען צדיק, און מאַך איהם פאַר משיח, ווי אין פסוק איז געשריבען (ישעיה כ"ד): מכנף הארץ זמירות שמענו צבי לצדיק. דאָס מיינט פון עק ערד האָבען מיר געהערט געזאַנג, שענקייט פאַר'ן צדיק. האָט געזאָגט דער שר פון דער וועלט: רבונו של עולם, טהו דעם ווילען פון דעם צדיק, איז גלייך אַרויס אַ בת קול און געזאָגט: „רזי לי, רזי לי". דאָס איז מיין סעקרעט.

**דער מאמר** איז איינער פון די וואונדערליכע מאַמרים, וועלכען עס איז נישט מעגליך צו ערקלערען אויפ'ן געוועהנליכען אופן. ערשטענס, דאַרף מען פאַרשטעהן: די ערד רעכענט זיך דאָך צווישען די דוממים, וואָס האָבען נישט קיין רייד. און בכלל, ווער האָט פלוצלינג געמאַכט דער ערד אַ מויל? און דאָס וואָס אין פרקי אבות, פרק ה', משנה ו', ווערט

גערעכענט דער „פי הארץ״ צווישען די צעהן זאכען, וועלכע זענען באשאפען געווארען ערב שבת פארנאכט, איז דאך דאס געווען די מויל איינצושלינגען קורח׳ן און זיין עדה, אבער נישט צום רעדען. אויך ווען מיר וועלען זאגען איינפאך, אז די ערד אין חזקיה׳ס צייטען האט גערעדט, פארוואס ווערט נישט דער דאזיגער נס דערמאנט אין תנ״ך? אויך וואס האט עפעס די ערד זיך אנגענומען פאר חזקיה׳ן, און נישט דער הימעל? אויך דארף מען פארשטעהן, וואס איז דער געדאנק, וואס דער שר העולם האט זיך פאר איהם אנגענומען? אנ׳ערקלערונג צו דעם מאמר האב איך געזעהן אין ספר „כור לזהב״, נאר איך גיב צו, פיעל בלומען מיט נ־ט׳ס הילף.

**דאס איז** באוואוסט, אז אומעטום רופט מען אן די גייס־טיגע כוחות מיט׳ן נאמען „שמים״ — הימעל, ווייל זיי זענען פון די העכערע זאכען. אזוי אויך אלע גייסטיגע זאכען רופט מען מיט׳ן נאמען שמים, און די מאטעריעלע כחות ווערען אנגערופען מיט׳ן נאמען „ארץ״ — ערד, אזוי ווי מיר האבען דער־מאנט אין דעם מאמר אויף דעם פסוק: „השליך משמים ארץ תפארת ישראל״. עס איז באוואוסט, אז דוד המלך עליו השלום איז געשטאנען פיעל העכער אין גייסטיגען זין פון חזקי׳ המלך עליו השלום. אויף דעם זאגען עדות זיינע שירים ותשבחות, אז זיין גייסט איז געווען זעהר רייך. (מען דערצעהלט, אז דער עסטרייכישער קרוין־

פרינץ, דעם קעניג פראנץ יאָזעף׳ס זוהן, האָט געמאַכט א יום־טוב אין דעם טאָג ווען ער האָט אָנגעהויבען צו פארשטעהן די פּאָעזיע פון תהלים). די מזמורי תהלים באגייסטערען די נשמה. אָבער דער קערפּערליכער טעמפּעראַמענט פון דוד המלך ע״ה איז נישט גלייך צום טעמפּעראַמענט פון חזקי׳. די מעשה פון אוריה החתי קומט נישט אין באַטראַכט. אויף דעם ווערט שוין גע־בראַכט אין מסכת שבת, דף נ״ו: „כל האומר דוד חטא, אינו אלא טועה.״ — דער וועלכער זאָגט, אַז דוד האָט געזינדיגט, האָט אַ טעות. אָבער דאָס קענען מיר דערמאָנען די רייד פון דעם נביא (דברי הימים א׳, כ״ב): „ויהי אלי דבר ה׳ לאמר: דם לרב שפכת ומלחמות גדולות עשית, לא תבנה בית לשמי כי דמים רבים שפכת ארצה לפני״. און ג־ט האָט צו מיר גע־זאָגט אַזוי: צופיעל בלוט האָסטו פאַרגאָסען און פיעל גרויסע מלחמות האָסטו געפיהרט. דעריבער וועסטו נישט בויען קיין הויז פאַר מיר, ווייל פיעל בלוט האָס־טו פאַרגאָסען. און ביי חזקיה׳ן געפינען מיר פאַרקערט: זיין גייסט איז נישט געוועזען אַזוי גרויס און הויך, אַזוי ווי דער גייסט פון דוד המלך. אַ באַווייז איז, אַז ער איז נישט באַגייסטערט געוואָרען צו זאָגען שירה אויף דעם גרויסען נס, וואָס איז געשעהן דעם פאָלק ישראל מיט דער מפלה פון סנחריב׳ן. ווען אַזאַ גרויסער נס וואָלט געשעהן ביי דוד המלך ע״ה, וואָלט קיין באַ־שעפעניש נישט געקענט ביישטעהן פאַר זיינע שירים. אין מדרש איכה געפינט: „חזקי׳ האָט געזאָגט: איך

בין נישט אימשטאַנד צו טאָן נישט אַזוי ווי מיין פאָ־
טער, און נישט אַזוי ווי מיין זיידע, נאָר איך שלאָף
אויף מיין בעט, און ג־ט טוט מיר ניסים. דאַגעגען זיין
קערפּער איז געווען ערהאַבען און ריין, אָהן דעם
קלענסטען פלעק. ווען ער האָט געזעהען ברוח הקודש,
אַז עס וועט ביי איהם געבוירען ווערען נישט קיין גו־
טער זוהן, האָט ער נישט געוואָלט נעהמען קיין פרוי,
ביז דער נביא האָט איהם געשטראָפט. בכלל איז ער
געווען אַ פאָלקאָמער און אַ ריינער אין אַלע זיינע
מעשים. און ווען ג־ט האָט איהם געטאָן דעם גרויסען
נס, דאָס עס איז געוואָרען אַ מגפה אין סנחריב׳ס ארמיי,
האָט איהם ג־ט געוואָלט מאַכען פאַר משיח׳ן, האָט זיך
דער מידת הדין געגענגעשטעלט און געזאָגט: „דוד
המלך, וועלכער האָט געזאָגט אַזויפיעל שירות ותשבחות
פאַר דיר, האָסטו איהם נישט געמאַכט פאַר משיח,
אַבוואָהל ער האָט געהאַט אַ הויכע און ערהאַבענע
נשמה, און חזקי׳, וועלכען דו האָסט געטאָן די דאָזיגע
אַלע ניסים, און ער האָט פאַר דיר קיין שירה נישט גע־
זאָגט, ווילסטו איהם יאָ מאַכען פאַר משיח׳ן? האָט
באַלד די ערד געעפענט איהר מויל, — דאָס הייסט
דאָס ערדישעס און קערפּערליכעס פון חזקי׳, — און
געזאָגט: „רבונו של עולם, איך וועל זאָגען שירה,
אנשטאדט דעם דאָזיגען צדיק". און אַזוי אויך דער שר
העולם, דאָס הייסט דער שר הטבע, האָט געבעטען
און זיך אָנגענומען פאַר איהם און פאַר זיין גוטער אויפ־
פיהרונג, און פאַר זיין קערפּערליכען ריינעם און היי־

ליגען כאַראַקטער. „מכנף הארץ זמירות שמענו צבי לצדיק״. מכנף הארץ, פון דעם ערדישען חלק, זמירות שמענו, האָבען מיר געהערט שירה — דאָס הייסט: פון דער זייט איז ער ווערט צו זיין משיח. איז אַרויס אַ בת קול און האָט געזאָגט: „רזי לי, רזי לי״. דער מאמר זאָגט, אַז צום ענין משיח איז נויטיג, אַז סיי די גייסטיגקייט און סיי די קערפּערליכקייט זאָלען שטעהן אויף דער העכסטער שטופע, און איין חלק איז נישט גענוג צו דעם ענין משיחיות. איצט ווענען מיר צוקומען צו דער ערקלערונג פון ר׳ מאיר׳ס מאמר, וועלכען מיר האָבען דערמאָנט.

## דאָס לעבען פון רבי מאיר און זיין בליק אויפ׳ן לעבען

**אום צו פאַרשטעהן** בעסער די ערקלערונג פון רבי מאיר׳ס מאמר, וועלען מיר זיך אַ ביסעל צוקוקען צו דעם לעבען פון ר׳ מאיר׳ן, צו זיין פּריוואַ-טען לעבען און צו זיין אַלגעמיינעם לעבען, און דאָס וועט וואַרפען אַ הייליגע שיין אויף דעם מאַמר. רבי מאיר איז דער דריטער דור פון די תנאים, פון די אויסגעצייכענטע צווישען די תלמידים פון רבי עקיבא. אין מסכת עירובין, דף י״ג, ווערט געבראַכט: „לא ר׳ מאיר שמו, אלא ר׳ נהוראי שמו. ולמה נקרא שמו ר׳ מאיר? שהוא מאיר עיני חכמים בהלכה״. דאָס

הייסט, אַז ר׳ מאיר׳ם ריכטיגער נאָמען איז ר׳ נהוראי, נאָר מען האָט איהם גערופען ר׳ מאיר, ווייל אין העברעאיש מיינט דאָס וואָרט „מאיר״ — לייכטען, און ער האָט באַלויכטען די אויגען פון די חכמים אין הלכה. סתם מתניתין ר׳ מאיר. דאָס הייסט, יעדע משנה, אין וועלכער עס ווערט נישט דערמאָנט קיין נאָמען, איז דאָס פון ר׳ מאיר׳ן. ער איז געווען אַ מעורב עם הבריות. מיט אַלעמען אויסגעמישט. ער פלעגט מקרב זיין דעם פּראָסטען עולם, דעם המון מיט זיינע דרשות. צוויי דריטעל פון זיינע דרשות האָט ער גע־ווידמעט דעם המון. אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת סנהדרין, דף ל״ח: „כי הוה דריש בפרקיה הוה דריש תלתא בשמעתא, תלתא באגדתא, תלתא במלתא״. אַז ער פלעגט דרש׳נען פאַר׳ן עולם, פלעגט ער איינטיי־לען זיין דרשה אין דריי טיילען: אַ דריטעל פאַר הלכה, אַ דריטעל פאַר אגדה און אַ דריטעל פאַר משלים. דער המון האָט זיך צו איהם געצויגען מיט זיין גאַנץ האַרץ צו זיינע דרשות. אין ירושלמי סוטה, פ״א, ווערט דער־צעהלט: וועגען אַ פרוי, וועלכע איז געזעסען מוצאי שבת זעהר שפּעט אין בית מדרש, וואו רבי מאיר האָט גע׳דרש׳נט, און ווען זי האָט זיך אומגעקערט אַהיים, איז איהר מאַן שטאַרק אין כעס געוואָרען אויף איהר דערפאַר און האָט זי געוואָלט גט׳ן, אויב זי וועט נישט געהן און אָנשפּייען אין פּנים פון דעם חכם דעם דרשן. ווען רבי מאיר האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער גערופען די פרוי און איהר געזאָגט, דאָס ער האָט א

וועהטיג אין זיינע אויגען און דאָקטוירים האָבען איהם געזאָגט, אַז אויב אַ פרוי וועט איהם אָנשפּייען אין זיי־נע אויגען, וועט דער וועהטיג אויפהערען. און די פרוי האָט אַזוי געטאָן. דאַן האָט ר׳ מאיר געזאָגט צו דער פרוי: געה און זאָג דיין מאַן, אַז נישט איינמאָל האָסטו געשפּיגען ר׳ מאיר׳ן אין פנים, נאָר זיבען מאָהל. וועגען זיין פרנסה געפינט מען אין מדרש קהלת אויפ׳ן פסוק „ושנאתי את החיים״, אַז זיין פרנסה איז געוועזן פון זיין אַרבייט. ער האָט פאַרדינט דריי שקלים אַ וואָך. צוויי שקלים האָט ער פאַרנוצט צו ערנעהרען זיך און זיין פאַמיליע, און איינעם האָט ער פאַרנוצט אויף צו שטיצען מענשען, וועלכע זיצען און לערנען תורה. ווען ער האָט געוואָלט לערנען חכמה און וויסענ־שאַפט, האָט ער געלערענט אפילו ביי „אחר׳ן״, און האָט מאָטיווירט זיין טהאַט מיט די ווערטער: „רמון מצאתי תוכו אכלתי ואת קליפתו זרקתי״. איך האָב געפונען אַ מילגרוים, דאָס אינעווייניגסטע האָב איך אויפגעגעסען און די שאָל האָב איך אַוועקגעוואָרפען. אין מדרש רות, פ״א, ווערט געבראַכט, אַז ר׳ מאיר איז געוועזן באַפריינדעט מיט אַ פילאָזאָף, איינער פון פיתיגורס תלמידים. זיין בליק אויף דער מענשהייט, אַבוואָהל ער האָט געלעבט כמעט מיט צוויי טויזענט יאָהר צוריק, האָבען נישט דערגרייכט זייערע חכמים און פילאָזאָפען פונ׳ם לעצטען יאָהר־הונדערט צו זיינע קנעכעל. זייערע חכמים האָבען געמאַכט זייער פעדער פאַר אַ שאַרפען שווערד צו פאַרניכטען יעדערען, וועל־

כער איז נישט פון זייער פאָלק. אָבער נישט אַזוי איז געווען דער סיסטעם פון ר׳ מאיר׳ן. ער האָט געפאָדערט גלייכע רעכט פאַר אַלע מענשען. אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת בבא קמא און נאָך אין פיעל ער־טער אין ש״ס אין נאָמען פון רבי מאיר׳ן: פון וואַנען ווייסען מיר, אַז אפילו אַ נכרי, דאָס הייסט נישט קיין איד, וועלכער איז עוסק בתורה, איז גלייך ווי דער כהן גדול? אויף דעם זאָגט דער פסוק: „אשר יעשה אותם אדם וחי בהם״. כוהנים, לוויים און ישראלים שטעהט נישט, נאר „אדם״, מענש. איז פון דעם גע־דרונגען, אַז אפילו נישט קיין איד איז עוסק אין תורה, איז ער גלייך ווי אַ כהן גדול. מיט דעם מאמר איז ער נאָכגעגאַנגען נאָך די טריט פון זיין גרויסען לעה־רער ר׳ עקיבא אין פרקי אבות פרק ג׳: „הוא היה אומר: חביב אדם שנברא בצלם וכו׳, שנאמר כי בצלם אלקים עשה את האדם״. דער מענש איז באַליבט, וואָס ער איז באַשאַפען געוואָרען אין ג־ט׳ס בילד, ווי עס שטעהט געשריבען, אַז דעם מענש האָט ג־ט געמאַכט אין זיין בילד. רבי עקיבא׳ס מיינונג איז, אַז אַלע מענשען זענען באַליבט, אָהן אונטערשייד צו וואָס פאַר אַ פאָלק זיי געהערען. און אַזוי איז אויך רבי מאיר׳ס מיינונג.

# נישטאָ קיין נאַציאָנאַליזם אָהן תורה און רעליגיאָן

**בכלל זעהען מיר** פון ר׳ מאיר׳ס פיהרונג זיין ליכ-
טיגען בליק: ליעב צו האָבען די תורה
אָהן אַ גרענעץ, צו שעצען יעדען מענשען, און אַלע
חכמות פון אַלע פעלקער. דער געדאַנק קען אונז אַמאָל
פאַרפיהרען און צו האַלטען ר׳ מאיר׳ן פאַר אַ קאָסמאָ-
פּאָליט. אָבער ניין און ניין! ווי עס איז באַוואוסט פון
זיינע פיעל מאמרים, אין וועלכע ער ברענגט אַ הייליגער
פייער. זיין מאמר: „כל מי שהוא קבוע בארץ
ישראל״, דער וואָס וואוינט אין ארץ ישראל, ווייזט
אונז אויך זיין הייליגען סיסטעם. דער דאָזיגער מאמר
קומט נישט צו צעהלען די עיקרים פון רעליגיאָן, דען
ווען עס וואָלט געקומען צוליעב דעם וואָלט איהם
געווים די גמרא געברענגט אין מסכת מכות, ביים דעם
ענין, וואו עס ווערט געצעהלט די עיקרים. נאָר מיט
דעם מאמר ווייזט אונז אויך ר׳ מאיר דעם וועג פון
לעבען, צו זיין זיכער, אַז מיר זאָלען צוקומען צום לע-
בען פון עולם הבא, דאָס הייסט צו אַ גוטער צוקונפט,
און נישט צו לעבען נאָר אַ געגענווערטיגען לעבען, און
ער ווייזט אונז, אין וועלכע באַדינגונגען אונזער פאָלק
דאַרף לעבען, אַז זיין לעבען זאָל זיין געזיכערט אויך
אין דער צוקונפט.

א) „כל מי שהוא בארץ ישראל״. (יעדער וואָס זיין באַשטענדיגער וואוין־אָרט איז אין ארץ ישראל), אָבער נישט אין גלות. נישט צו מאַכען דעם לעבען אין גלות אַלס באַשטענדיגעם, ווייל אין גלות איז דאָס לעבען פון דער נאַציאָן נישט געזיכערט. אַלע רעכט, וואָס מיר דערגרייכען אין די גלות־לענדער, בלייבען נאָר טויטע בוכשטאַבען אויפ'ן פּאַפּיר, דען מיר קענען קיינמאָל נישט צופרידענשטעלען אונזערע שכנים. איינער וויל אונז זעהן שוואַרץ, דער צווייטער רויט, דער דריטער ווייס. זאָל זיך נישט איינרעדען ווער עס איז פון די פּאַרטייען ביי אונז, אַז אויב מיר וועלען נישט פאָדערען אין גלות נאַציאָנאַלע רעכט, נאָר בלויז רעליגיעזע, וועלען דאַן די פעלקער לעבען מיט אונז בשלום. מיר האָבען שוין נישט איינמאָל געהערט דעם דאָזיגען פּזמון פון באַוואוסטע דעפּוטאַטען אין פאַר־לאַמענט פון אַ באַוואוסטער מדינה. מיט איניגע יאָהר צוריק האָבען מיר געהערט פון איין דעפּוטאַט אין אַ פּריסטער־מאַנטעל, ווי ער האָט געריהמט און געלויבט אונזערע רעליגיעזע און געטאַדעלט אונזערע נאַציאָנאַ־לע. אבער אין איניגע טעג ארום, האָט ער שוין פארגע־סען, וואָס ער האָט נישט ערשט לאַנג גערעדט, און האָט אָנגעהויבען צו טאַדלען און פאַראַכטען אויך די די רעליגיעזע אידען, צוזאַמען מיט אונזער הייליגער תורה. אונזערע חז״ל האָבען שוין דאָס לאַנג באַמערקט, אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת סנהדרין, דף נ״ח: „ואמר רבי חנינא, כל הסוטר לועו של ישראל

כאלו סוטר לועו של שכינה, שנאמר: מוקש אדם ילע קודש". דאָס מיינט: ר' חנינא זאָגט: דער, וועלכער פּאַטש אין באַק פון ישראל, איז גלייך ווי ער וואָלט געפּאַטשט אין באַק פון דער שכינה. ר' חנינא איז דערמיט אויסען, אַז די שונאי ישראל, וועלכע זאָגען, אַז זיי שלאָגען נאָר די באַק פון ישראל, דאָס הייסט: זיי גרייפען נאָר אָן די נאַציאָנאַליסטען, אָבער נישט די רעליגיעזע אידען, דער סוף איז אָבער סוטר לועו של השכינה, אַז זיי האָבען פיינט אויך די רעליגיעזע אידען. דעריבער דאַרפען מיר וויסען, אַז אונזער צו־קונפט איז נאָר ארץ ישראל, אַז אונזער באַשטענדיגער וואוין־אָרט איז נאָר אין אונזער הייליגען לאַנד.

ב) „ומדבר בלשון הקודש". יעדער איינער פון אונזער פאָלק דאַרף קאָנען רעדען אויף אונזער שפּראַך. אויפ'ן פסוק „ויהי האדם לנפש חיה" זעצט איבער דער תרגום אונקלס: „והות אדם לרוח ממללא" (עס איז געוואָרען אין מענש אַ רעדען־גייסט). דאָס מיינט צו זאָגען, אַז דאָס חיות־לעבהאַפט פון דעם נפש (גייסט) איז די שפּראַך. די שפּראַך ווייזט אויף דעם גייסט, וואָס אין דעם מענשען. אונזערע חכמים, די קענער פון דער מענשהייט־לעהרע, האָבען שוין לאַנג געזאָגט, אַז יעדע שפּראַך האָט זיך אַנטוויקעלט לויט דער פאָלקס־נשמה. נישט אומזיסט האָבען די חז"ל געזאָגט, אַז איינע פון די זאַכען, צוליעב וועלכע אונזערע עלטערען זענען אויסגעלייזט געוואָרען פון

מצרים — איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבען נישט געביטען זייער שפּראַך.

ג) „ואוכל חוליו בטהרה". (דער וואָס עסט אפילו די נישט־הייליגע שפּייז אין ריינקייט). אין יחזקאל ד' איז געשריבען: „ויאמר ה' ככה יאכלו בני ישראל את לחמם טמא בגוים אשר אדיחם שמה". און ג־ט האָט געזאָגט: „אַזוי וועלען עסען די בני ישראל זייער אומריינעם ברויט ביי די פעלקער, וואָס איך וועל זיי אַהין פאַרטרייבען". אַמאָל ווען מיר זענען געזעסען אין אונזער לאַנד, יעדער אונטער זיין וויינ־שטאָק און אונטער זיין פייגענבוים, זענען געווען פאַר־אייניגט צוזאַמען דאָס לעבהאַפטע פון דעם קערפּער און דאָס גייסטיגע פון דער נשמה, אָהן קאָנקורענץ, אָהן שנאה און קנאה האָבען מיר געגעסען אונזער ברויט. עיני ה' אלקיך בה „מראשית השנה עד אחרית שנה". ג־ט נעהמט נישט אַראָפּ זיינע אויגען פון דעם לאַנד, פון אָנפאַנגס יאָהר ביז צום ענדע יאָהר. אונזע־רע אויגען זענען געווען געווענדעט צום הימעל צו בע־טען ביי ג־ט, אַז דער רעגען: דער פריהערדיגער און דער שפּעטיגער זאָלען קומען אין דער צייט, ג־ט'ס אויגען זענען געווען געווענדעט צו דער ערד, און אונזע־רע אויגען צום הימעל. אויף יעדען טריט און שריט זענען מיר געווען אַרומגערינגעלט מיט גוטע זיטען: מיט ליבע און חסד, מיט געבען תרומה, מעשר, בכורים, לקט, שכחה, פאה, פרט, עוללות, שביעית און יובל.

סיי דער קערפּער און סיי דער גייסט האָבען זיך ער־
נעהרט. אָבער אין גלות איז נישט אַזוי. דעם גאַנצען
טאָג שטעהען מיר אין קאַמף פאַר אונזער עקזיסטענץ.
אויף יעדען טריט טרעפען מיר קנאה און קאָנקורענץ.
אויף דעם קלאָגט דער נביא: „ותזנח משלום נפשי
נשיתי טובה״. דאָס מיינט: דער שלום האָט אונז פאַר־
לאָזט און דאָס גוטעס איז פון אונז פאַרגעסען געוואָ־
רען. דאָס הייסט: אַז פון דעם טאָג וואָס איך בין פאַר־
טריבען פון מיין לאַנד הערשט נישט אין מיר קיין
שלום, עס פעהלט שוין די האַרמאָניע צווישען קער־
פּער און גייסט. ווייל דאָס וואָס איז גוט פאַר׳ן קערפּער,
איז נישט גוט פאַר׳ן גייסט. דער נביא הושע באַקלאָגט
זיך: „כרבם כן חטאו לי״. איך האָב געזעהען אין אַ
ספר אַ ערקלערונג אויף דעם: כרבם — לויט זייער
גרויסקייט און רייכקייט אין גלות, זענען זייערע זינד,
ווייל לויט זייער קאָנקורענץ אָדער אַנדערע אומריינע
מיטלען איז די גרוים פון זייער רייכקייט. דאָס גלות־
ברויט איז אומריין און שמוציג. אָבער אין אונזער איי־
גענעם לאַנד עסען מיר חולין, אונזער טאָג־טעגליכען
ברויט, בטהרה, מיט ריינע הענט, ריין פון יעדען פלעק
און שמוץ. דאָרטען, אין דעם לאַנד פון די אבות, איז
אפילו דורך דעם קערפּערליכען שפייז ווערט די נשמה
באַגייסטערט, ווייל די טהרה ברענגט צו קדושה, אַזוי
ווי רבי פנחס בן יאיר זאָגט אין מסכת עבודה זרה,
דף כ׳.

**און צו דעם אַלעם**: צו דאָס באַשטענדיגע זיצען אין ארץ ישראל, און צום רעדען אויף דער הייליגער שפּראַך און צום עסען חולין בטהרה, צו די אַלע נויטוועגדיגע זאַכען, וואָס אונזער פאָלק מוז לעבען, לויט זייערע באַדינגונגען, דאַרף מען נאָך צו־געבען נאָך איין עיקר, וועלכער איז דער גרעסטער פון אַלע, נעמליך: „וקורא קריאת שמע שחרית וערבית" — „לייענען קריאת שמע אינדערפריה און אין אָוועגט, אום צו וויסען, אַז אונזער ג־ט איז דער איינציגער ג־ט". מיר דאַרפען לעבען אַלס פאָלק, וועל־כעס „רקיע וארעא נשקי אהדדי" (הימעל און ערד קושען זיך). דאָס הייסט: אַז דאָס קערפּערליכעס און דאָס גייסטיגעס דאַרפען זיין צוזאַמען. נישט אַזוי ווי די פּאַרטייען, וועלכעס ביי איינינגע פון זיי איז די מיינונג, אַז עס איז גענוג פאַר אונז דאָס ערדישעס, און די אַנדערע איז די מיינונג, אַז עס איז גענוג פאַר אונז דאָס הימעלשעס. דאָס אַרומקריגען זיך פון די פּאַרטייען ברענגט צו דעם, אַז מיר זענען נישט אויפ'ן הימעל און נישט אויף דער ערד, נאָר מיר הענגען אין דער לופט. לאָמיר אַלזאָ געהן אין דעם וועג, וואָס דער געטליכער תנא, רבי מאיר, האָט אונז אָנגעוויזען, דאָס הייסט: צו לעבען אין אונזער לאַנד, צו רעדען אויף אונזער שפּראַך, צו עסען ריינעס ברויט און צו לייענען קריאת שמע שחרית וערבית, דאַן וועלען מיר זיין זיכער מיט דער גוטער צוקונפט, וואָס ג־ט האָט אונז צוגעזאָגט אין זיין תורה און דורך זיינע נביאים.

**תהלים ט"ז, ב'.** :אמרת לה' אדונ' אתה טובתי בל עליך", (דו האָסט געזאָגט צו ג-ט, מיין ג-ט, מיין האַר ביזטו, מיין גוטס איז נישט אויף דיר). זאָגט אויף דעם בעל הטורים אין סדרה עקב, ערשטע פרשה, פסוק י': „ואכלת ושבעת וברכת": ואכלת וברכת, היינו ברכת המזון וכן נמי צריך לברך לפניו, פירש ואכלת ושבעת וברכת כבר, שאסור ליהנות מן העולם הזה בלא ברכה שנאמר לה' הארץ ומלואה, אבל לאחר שבירך הוא משלו, שנאמר והארץ נתן לבני אדם". דו זאָלסט עהרען און לויבען, דאָס מיינט בענטשען. אויך דאָס זעלבע, מען דאַרף א ברכה מאַכען פאר דעם עסען, איינטייטשענדיג, ואכלת ושבעת וברכת, דו האָסט גע־געסען און זאַט געוואָרען ווען דו האָסט שוין פריהער געמאַכט א ברכה. מען טאָר נישט הנאה האָבען פון דער וועלט אָהן אַ ברכה, ווי עס איז געשריבען אין תהלים: „לה' הארץ ומלואה", די וועלט און אלעס וואָס אין דער וועלט באַלאַנגט צו ג-ט, אָבער נאָכהער, ווען דער מענש מאַכט א ברכה, קערט שוין די זאַך צו איהם, ווי עס איז געשריבען אין א צווייטען אָרט, אין תהלים: „והארץ נתן לבני אדם", און די וועלט איז געגעבען צו די מענ־טשען. דאָס זאָגט דוד המלך, עליו השלום, איך האָב געזאָגט צו ג-ט, דו ביזט מיין ג-ט, מיין האַר, דאָס מיינט, איך האָב איהם באַדאַנקט, א ברכה געמאַכט, צו איהם איז שוין מיין גוטס נישט בלויז צו דיר, ווארום נאָך דער ברכה באַלאַנגט שוין די וועלט צום מענטשען.

**תהלים י״ח,** כ״ב. „כי שמרתי דרכי ה׳ ולא רשעתי מאלקי״. (ווארום איך האָב געהיט די וועגען פון ג-ט און איך בין נישט שלעכט פון מיין ג-ט). עס איז דאָ אזעלכע פרומע, וואָס אונטער׳ן מאַנטעל פון פרומ־קייט טהוען זיי אָפּ פיעל רשעות, פיעל מאַסען־שחיטות, תליות א. ז. וו. איז אָפּגעטאָן געוואָרען אונטער׳ן פרו־מען מאַנטעל, אָבער איך, זאָגט דוד המלך, איך האָב ג-ט׳ס וועגען געהיט און איך מיט ג-ט קיינעם קיין רשעות נישט געטאָן.

**תהלים כ״ב,** ח׳. „כל רואי ילעגו לי יפטירו בשפה יניעו ראש״. (אלע וואָס זעהען מיר, שפּע־טען פון מיר, זיי עפענען די ליפען און שאָקלען מיט די קעפּ). ט׳: „גל אל ה׳ יפלטהו יצילהו כי חפץ בו״. (קווי־לער צו ג-ט [דאָס מיינט פארזיכער זיך אויף ג-ט] ער וועט איהם אַנטרינען, ער וועט איהם רעטען, ווארום ער וויל איהם [דעם, וואָס פארזיכערט זיך אין איהם]). י׳: „כי אתה גחי מבטן, מבטיחי על שדי אמי״. (ווארום דו ביסט מיין ארויסציער פון בויך, מיין פארזיכערער אויף די בריסט פון מיין מוטער). י״א : „עליך השלכתי מרחם, מבטן אמי אלי אתה״. (אויף דיר בין איך אַרויפגע־וואָרפען פון מוטער׳ס לייב, פון מיין מוטער׳ס בויך ביסטו מיין ג-ט). געפעלט מיר צו ערקלערען דאָס די דערמאָהנטע פסוקים האָבען איין פאַרבינדונג. (אין פסוק ח׳) באַקלאָגט ער זיך, דאָס די שונאים, וואָס זע־העז מיר, שפּעטען פון מיר, מאַכען מיט די ליפען, שאָק־

לען מיט די קעפּ, (אין פּסוק ט׳) זיי שפּעטען אָפּ פון מיר און זאָגען צו מיר מיט איראָניע „גל על ה׳", פאַר־לאָז זיך אויף ג־ט, ער וועט אַנטרינען, ער וועט רעטען. (אין פסוק י׳) טענה׳ט דוד צו ג־ט: דו ביסט דאָך טאַקע מיין אַרויסציהער פון בויך, דו האָסט מיר פאַרזיכערט אויף מיין מוטער׳ס בריסט. (אין פּסוק י״א), אויף דיר בין איך אַרויפגעוואָרפען פון מיין מוטער׳ס לייב, פון מיין מוטער׳ס בויך ביסטו מיין ג־ט. (אין פּסוק י״ב) „אל תרחק ממני כי צרה קרובה, כי אין עוזר" (אלזאָ דערווייטער זיך נישט פון מיר די צרה איז נאָהענט).

תהלים כ״ג, א׳: „מזמור לדוד ה׳ רעי לא אחסר". (א לויב־געזאַנג צו דוד׳ן, ג־ט מיין פּאַסטוך וועל איך נישט פעהלען). עס איז צו באַמערקען, עס האָט דאָך געדאַרפט זיין געשריבען „לא יחסר לי", וואָלט דאָס באַדייט, אַז ג־ט איז מיין פּאַסטוך, וועט מיר נישט פעהלען. „לא אחסר" איז דאָך גאָר די באַ־דייטונג: „איך וועל נישט פעלען"? דענק איך צו זאָגען, אז דאָס מיינט דוד המלך צו זאָגען: ווי עס איז באַוואוסט, אַז פיעל זינד ווערט געטאָן צוליעב נויט און הונגער. אַזוי ווי די גמרא אין מסכת עירובין דף מ״א זאָגט: „תנו רבנן, ג׳ דברים מעבירין את האדם על דעתו ועל דעת קונו. אלו הן: עובדי כוכבים ורוח רעה ודקדוקי עניות". די רבנן האָבען געלערענט, דאָס דריי זאַכען פיהרען אראָפּ דעם מענשען פון זיין וויסענ־שאַפט און אויף די וויסענשאַפט פון זיין באַשאַפער.

און דאָס זענען זיי: עובדי כוכבים, אַ שלעכטער גייסט און אָרעמקייט. בעט דוד ביים אויבערשטען: ג־ט, אַז דו ביסט מיין פּאַסטוך, איז „לא אחסר”, וועל איך נישט פעהלען, דאָס הייסט איך וועל שוין אַלעס טאָן ריכטיג. (אין פסוק ב'): :בנאות דשא ירביצני, על מי מנוחות ינהלני” [אַז ער איז מיין פּאַסטוך], וועט ער מיר געבען ביים וואוינונג די גראָז, אויף רוהיגע וואַסער וועט ער מיר פיהרען, דאָס מיינט צו זאָגען: מיר זעהען דאָס אַ פּאַסטוך פיטערט זיינע שאָף, אַז ער וויל דאָס די שאָף (שעפּסען) זאָלען האָבען גענוג צו עסען, טרייבט ער זיי אין די פעלדער צו זוכען גראָז, אַז ווען די זון ברענט, אָדער שלעכטע קאַלטע ווינטען, ליידען זיי פון דעם. דער פּאַסטוך טרייבט זיי אין שטאַל אריין. זיי ליידען שוין נישט קיין היץ און קעלט. אָבער פאַשע האָבען זיי נישט. דאָס זעלבע דער מענש. פיעל האָבען פרנסה גוטע, אָבער מען מוז זיין פאַריאָגט פון דער אייגענער הויז, און זיין נע ונד. אַנ'אַנדערערער זיצט זיך רוהיג ביי זיך אין הויז מיט זיין פאַמיליע, איז אָבער קיין פרנסה נישטאָ, אָבער אַז ג־ט איז מיין פּאַסטוך, גיט ער מיר ביי דער וואוינונג די גראָז, ביי רוהיגע וואַסער פיהרט ער מיר. (אין פסוק ג'): „נפשי ישובב, ינחני במעגלי צדק למען שמו”. מיט דעם מיינט ער צו זאָגען, אַז דו וועסט זיין מיין פּאַסטוך צו געבען מיר מיין פרנסה ביי דער וואוינונג מיינער, וועל איך קענען דיר דינען. איך וועל נישט פאַרפעהלען צו טאָן אַלע גוטע זאַכען. „נפשי ישובב”, מיין נשמה

וועסטו דערקוויקען, איך רעד שוין נישט פון דער מאַ־טערילער לאַגע, נאָר „ינחני במעגלי צדק למען שמו". ער וועט מיר דורך דעם פיהרען אין גערעכטע וועגען, אַלעם וועל איך טאָן „למען שמו", וועגען זיין נאָמען.

תהלים כ"ה, ד'. „דרכיך ה' הודיעני ארחותיך למדני". (דיינע ברייטע וועגען מאַך מיר וויסען, דיינע שמאָלע וועגען לערען מיר). די ברייטע וועגען איז גרינגער צו קענען, אַז מען זאָל נישט בלאָנדזשען אין זיי, איז גענוג, אַז דו וועסט מיר נאָר וויסען מאַ־כען פון זיי. אָבער די שמאָלע וועגען, וועלכע זעַיי נישט אַזוי גרינג קלאָר צו זיין, איז נישט גענוג מיט ווייזען, נאָר לערען זיי מיר. דאָס מיינט: אין די דרכי ה', אין דער פיהרונג איז פיעל זאַכען לאָזט זיך גרינג פאַרשטעהן, אָבער אַ סאַך פון זיי איז נישט אַזוי גרינג צו באַגרייפען. בעט ער דעם אויבערשטען, ער זאָל איהם העלפען צו פאַרשטעהן.

תהלים כ"ה, ח'. „טוב וישר ה' על כן יורה חטאים בדרך". (ג־ט איז גוט און מיט יושר, דערי־בער ווייזט ער די זינדיגע אין וועג). אייגענטליך איז דאָך גענוג, וואָס ג־ט איז מוחל דעם זינדיגען אויף זיי־נע זינד, טהוט נאָך ג־ט, ער ווערט נאָך דעם זינדיגענ'ס אַ וועג־ווייזער, ווייל ג־ט איז אַ טוב און אַ ישר. ביידע זאַכען איז אין איהם: גוטסקייט און יושר.

**תהלים כ״ה,** י׳. „כל ארחות ה׳ חסד ואמת לנצרי בריתו ועדתיו״. (אלע וועגען פון ג־ט זענען גנאָד און אמת צו די, וואָס היטען דעם בונד און די תורה). דאָס מיינט דוד המלך צו קריטיקירען די קריי־טיקער, וואָס זענען שטענדיג פוהל מיט פרעטענסיעס אויף אונזער תורה. דאָס זאָגען זיי איז נישט גענוג ריכטיג, דאָס איז נישט גענוג קולטורעל. זאָגט דוד צו זיי: וואָס קריטיקירט איהר אין דער צייט, וואָס איהר האָט נאָך נישט פּרובירט אָבצוהיטען די תורה. וואָס ווייסט איהר צו זאָגען? פרעגט׳ס ביי די, וואָס היטען די תורה, וועלען זיי אייך זאָגען, אַז אַלע וועגען פון ג־ט איז דורכאויס חסד און אמת, און אויף זיי קען מען זיך פאַרלאָזען אין דעם, ווייל זיי היטען די תורה און טהוען אַלע מצוות פון דער תורה.

**תהלים כ״ה,** ט״ז. „פנה אלי וחנני, כי יחיד ועיני אני״. (קער זיך צו מיר און באַגנאַדע מיר, וואָ־רום איך בין אַנ׳איינציגער און אַנ׳אָרעמאַן). די וועלט זאָגט, אַז אַנ׳אָרעמאַן האָט זיך געוואונשען, אַז די גאַנצע וועלט זאָלען זיין גבירים, און ער זאָל זיין דער איינציגער אָרעמאַן אויף דער וועלט. ער האָט באַטאַנט די רייכע וועלען דאָך נישט האָבען קיינעם צו געבען שטיצע אויסער איהם, וועט מען דאָך איהם באַשיטען מיט געלט. דאָס טענה׳ט דוד המלך צו ג־ט: דו דאַרפסט דאָך מיר באַגנעדיגען. אָרעם בין איך, און אַנ׳איינצי־

גער אין אָרעמקייט און געדריקטקייט אויף דער גאַנ-
צער וועלט, דאַרפסטו דאָך די גאַנצע געגאַדע ווענ-
דען צו מיר.

**תהלים ל״א**, י״ג. „נשכחתי כמת מלב, הייתי ככלי אבד״. (איך בין פאַרגעסען פון האַרצען ווי
אַ טויטער, איך בין געוואָרען ווי אַ כלי וואָס ווערט
פאַרלוירען). ער באַדויערט און זאָגט: ווען די צרה
איז געוויינליך — עס מאַכט זיך אַ צרה און עס געהט
אוועק, פאַרגעסט זיך. אין אַ טויטען מענטש
פאַרגעסט מען אויך. אָבער ביי מיר זיינען די צרות אין
געגענוואַרט, זיי זיינען קיינמאָל נישט אין דער פער-
גאַנגענהייט, נאָר שטענדיג „ככלי אבד״, ווי אַ כלי
אינמיטען פאַרלירען, דער שמערץ מיט די יסורים זיי-
נען שטענדיג אין מיטען.

## עס איז נישטאָ קיין שטערבליכקייט ביי צדיקים

**אַלע פרעגען** אויף דעם מזמור: „מזמור שיר חנוכת הבית לדוד״. ערשטענס, ווי קומט דאָס,
וואָס עס ווערט דערמאָנט דוד׳ס נאָמען ביים „חנוכת
הבית״, ווערענד מיר ווייסען דאָך, אַז שלמה המלך
האָט געבויט דעם בית המקדש. און אויך ער האָט גע-

פייערט דעם חנוכת הבית. אזוי ווי עס געשריבען אין ספר מלכים א׳, פרק ח׳: „ויחנכו את בית ה׳ המלך וכל בני ישראל” — שלמה המלך און דאָס גאַנצע פאָלק ישראל האָבען געפייערט די באַנייאונג פון ג-ט׳ס הויז. צווייטענס איז די פראַגע: דער מזמור הויבט זיך אָן מיט דעם ענין פון ”חנוכת הבית”, און אין דעם ווייטערדיגען אינהאלט ווערט גאָרנישט דערמאנט פון חנוכת הבית, נאָר ער רעדט זיך גאָר וועגען אַנ׳ענין, וואָס האָט, דוכט זיך, מיט חנוכת הבית קיין שייכות נישט.

**אויף** דער ערשטער פראַגע קען מען ענטפערען, אַז דאָס איז צוליעב דעם, וואָס דוד המלך איז געוועזען דער איניציאַטאָר פון דעם געדאַנק צו בויען דעם בית המקדש. ער האָט זיך דאָך באַקלאָגט פאַר׳ן נביא אויף דעם, וואָס ער אַליין זיצט אין אַ הויז, געבויט פון צעדער-האָלץ, און ג-ט׳ס ארון זיצט אין אַ געצעלט פון פאָרהאַנגען. און ער האָט אַ נדר געטאָן מיט דעם לשון: „אם אבוא באהל ביתי אם אעלה על ערש יצועי, אם אתן שנת לעיני, לעפעפי תנומה, עד אמצא מקום לה׳, משכנות לאביר יעקב”. — אויב איך וועל קומען אין מיין הויז, אויב איך וועל ארויפגעהן אויף מיין געלעגער, אויב איך וועל צולאָזען אַ שלאָף צו מיינע אויגען, אַ דרעמל צו מיינע שוואַרצאַפּעל, ביז איך וועל געפינען אַנ׳אָרט פאַר ג-ט, אַ רוה-פּלאַץ פאַר דעם שטאַרקען פון יעקב. ער האָט אויך צוגעגרייט דעם

אָרט, אויף וועלכען דער בית המקדש זאָל געבויט ווע־
רען. נאָר עס איז געווען אַ באַפעהל פון ג־ט, אַז ער
זאָל נישט בויען דעם בית המקדש, נאָר זיין זוהן, וועל־
כער וועט קעניגען נאָך איהם.

**אָבער** די תשובה איז נישט גענוגענד צו פאַרענטפע־
רען די פראַגע, וואָרום דער מזמור איז
דאָך באַשטימט צום חנוכת הבית, און דאָס האָט דאָך
שלמה געמאַכט, טאָ פאַרוואָס ווערט גאָר דערמאָנט
דער נאָמען פון דוד'ן? מיר שיינט וועגען דעם צו
זאָגען פאָלגענדעס: עס איז דאָך באַוואוסט, אַז אין דער
גאַנצער צייט פון זיין מלוכה האָט דוד געהאַט פיעל
שונאים. ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז ג־ט לאָזט
איהם נישט בויען דעם בית המקדש, האָבען זיי זיך
באַנוצט מיט דעם, און יעדעס מאָל פלעגען זיי איהם
דערמיט מבייש זיין, אַז צוליעב זיינע זינד לאָזט איהם
ג־ט נישט בויען דעם בית המקדש, אַזוי ווי עס ווערט
געבראַכט אין ירושלמי, מסכת ברכות: אַז זיינע שונאים
פלעגען קומען צו זיין פענסטער און פלעגען זאָגען,
ווען וועט דער בית המקדש געבויט ווערען? זיי האָ־
בען געמיינט זיך צו רייצען מיט איהם, און אויף דעם
האָט דוד מתפלל געווען: „עשה אתי אות לטובה ויראו
שונאי ויבושו״. טהו מיר, ג־ט, אַ צייכען צו גוטען,
און מיינע פיינד זאָלען זעהן און זיך שעהמען. ער האָט
זיך געבעטען ביים רבונו של עולם, אַז ער זאָל איהם
פאָרט לאָזען בויען דעם בית המקדש, כדי די שונאים

זאָלען זיך שעהמען. אָבער טראָץ זיין ווילען, איז זיין תפלה נישט אָנגענומען געוואָרען, און די גזרה איז נישט בטל געוואָרען. אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין דער גמרא שבת, דף ל׳,: דוד האָט געזאָגט צו ג־ט: פאַרצייהע מיר אויף יענעם זינד. האָט איהם ג־ט געזאָגט: איך האָב דיר שוין פאַרצייהעט. האָט דוד געזאָגט: ווייז מיר אַ צייכען צום גוטען ביי מיין לעבען, אַז אַלע זאָלען זעהן, אַז דו האָסט מיר מוחל געווען. זאָגט צו איהם ג־ט: ביי דיין לעבען וועל איך דאָס נישט באַקאַנט מאַכען, נאָר ביים לעבען פון דיין זוהן שלמה. ווען שלמה האָט אויפגעבויט דעם בית המקדש, און מען האָט געוואָלט אַריינברענגען דעם ארון אין קדשי קדשים, האָבען זיך די טויערען פאַרשפאַרט איי־נער צום צווייטען און זיך נישט געוואָלט עפענען. האָט שלמה געזונגען פיר און צוואַנציג געזאַנגען (תפלות) און איז נישט געענטפערט גוואָרען. האָט ער אָנגעהויבען זאָגען: שאו שערים ראשיכם א. א. וו. אָם ענדע, אַז ער האָט געזאָגט: „ה׳ אלקים! אל תשב פני משיחך, זכרה לחסדי דוד עבדך, מיד נענה״. שלמה המלך, זאָגט די תפילה: „ג־ט, ענטזאָג נישט דיין גע־זאַלבטען, געדענק מיר די חסדים (גוטע מעשים) פון דיין קנעכט דוד. נאָך דער תפילה איז ער גלייך געענט־פערט געוואָרען. באלד זענען די געזיכטער פון דוד׳ס שונאים געוואָרען שוואַרץ ווי די ראַנדען פון אַ טאָפּ. דאַן האָבען זיך אַלע ערקונדיגט, אַז אָבוואָהל דוד המלך האָט נישט געבויט דעם בית המקדש, נאָר ער איז גע־

ווען דער איניציאַטאָר פון דעם געדאַנק און ער האָט איהם אויך געענדיגט, דען אין זיין זכות האָבען זיך די טויערען געעפענט.

**איצטער** איז שוין פאַרשטענדליך דער „מזמור שיר חנוכת הבית לדוד", ווייל ביים חנוכת הבית האָבען אַלע אָנערקענט, אַז דער בנין איז דוד'ס. און ער זינגט זיך: „ארוממך ה' כי דליתני ולא שמחת אויבי לי. ה' העלית מן שאול נפשי, חייתני מיורדי בור". (איך דערהויב דיך ג־ט, ווייל דו האָסט מיך דערהויבען און האָסט נישט דערפרעהט מיינע פיינד איבער מיר. דו האָסט דערהויבען פון קבר מיין נשמה, האָסט מיר לעבעדיג געמאַכט פון קבר). ביים חנוכת הבית האָסטו דערהויבען מיין כבוד, דו האָסט נישט דערפרעהט מיינע שונאים, דען בשעת דאָס עפענען זיך פון די טויערען אין מיין נאָמען, זענען ביי די שונאים מיינע שווארץ געוואָרען די געזיכטער פון בושה און פאַר־דרוס. ה' העלית מן שאול נפשי, חייתני מיורדי בור. ווען איך בין שוין געווען צווישן די וואָס ליגען אין קבר האָסטו מיר אַרויסגענומען פון קבר און דערהוי־בען. אַלע האָבען געזעהן, אַז דו האָסט מיר מוחל גע־ווען מיין זינד, און די חנוכת הבית קען זיך רופען אויף מיין נאָמען.

**תהלים ל"ב, ב'.** „אשרי אדם לא יחשב ה' לו עון ואין ברוחו רמיה". (גליקליך איז דער מענש,

וואָס ג-ט רעכענט איהם נישט קיין זינד און אין זיין גייסט איז נישטאָ קיין פאלשקייט). ס'איז דאָ צווייער-ליי זינדיגע. איין זינדיגער איז דאָ, וואָס ווען ער זינ-דיגט, אָנערקענט דאָס ער איז אַ זינדיגער. קומט מאָנ-כעס מאָל אַ צייט, וואָס ער האָט חרטה אויף דער זינד און טהוט תשובה און ווערט אוים זינדיגער. איז אָבער דאָ דער צווייטער מין זינדיגער, וואָס טהוט אָפּ די גרעסטע זינד, און ער פיהלט זיך גאָר נישט פאַר קיין זינדיגען. ווען מען רופט איהם צום געריכט, האָט ער פאַרדרוס, וואָס מען באַליידיגט איהם. ער טענה'ט, אַז ער איז גאָר אַ צדיק. איז דעם זינדיגען דאַרף מען גאָר אויפקלערען, דאָס ער איז אַ זינדיגער און מען דאַרף אָפּדעקען די מאַסקע פון זיין פּנים און ווייזען איהם, דאָס ער האָט שטענדיג גענאַרט מענשען. זאָגט דוד המלך: גליקליך איז דער מענש, דאָס ווען ער זינדיגט איז „לא יחשב ה' לו עון", דאַרף איהם ג-ט נישט מאַכען קיין רעכענונגען, אויפצו-ווייזען איהם די זינד, ווייל דער זינדיגער איז נישט געווען פאַלש גייסטיג, איז דער מענטש קען תשובה טאהן.

**תהלים ל"ה, כ'.** „כי לא שלום ידברו ועל רגעי ארץ דברי מרמות יחשבון". (וואָרום זיי רעדען נישט קיין פרידען, און אויף די שפּאַלטען פון דער ערד פאַלשע רייד טראַכטען זיי). דער געדאנק פון דעם איז אַ פּאָליטישער. דוד המלך ערקלערט: דאַן ווען די פּאָליטיקער קומען זיך צוזאַמען ביי די רונדע טישען

וועגען שלום ריידען, זאָל מען וויסען „כי לא שלום ידברו". דאָס וואָס מען הערט פון זיי דעם וואָרט שלום, מיינען זיי נישט צו ריידען וועגען שלום, נאָר „ועל רגעי ארץ דברי מרמות יחשבון". זיי האָבען גאָר דאָן פאַלשע געדאַנקען, ווי צו צוברעקלען די טיילען ערד, איבערמאַכען די לאַנד־קאַרטעס און באַראַבעווען די לענדער פון די שוואַכע.

תהלים ל"ז, ל"ג. „ה' לא יעזבנו בידו ולא ירשיענו בהשפטו". (ג־ט וועט איהם נישט פאַרלאָזען אין זיין משפט'ען איהם). עס פאַסירט פיעל מאָל, וואָס דער רשע טהוט שלעכטס דעם צדיק אויפ'ן פראָסטען אָפענעם אופן. ער ראַבעוועט, פאָגראָמירט. עס פאַסירט אָבער פיעל מאָל, וואָס דעם רשע פאַסט נישט פאַר דער עפענטליכקייט פראָסט אָפצוטאָן רציחות, מאַכט מען כלומרשט געריכטליכע קאָמבינאַציעס, און מען פיהרט דורך די נידעריגסטע גראָבע טאַטען געריכטליך. זאָגט דוד המלך, דאָס ג־ט וועט איהם נישט פאַרלאָזען אין רשע'ס האַנד. „ולא ירשיענו בהשפטו". אויך ער וועט נישט לאָזען, דאָס דער רשע זאָל די געריכטליכע קאָמבינאַציע מאַכען. די גערעכטיגקייט מוז אַרויס קלאָר. און ער וועט דורך דער שפעקולאַציע אויך קיין שלעכטס נישט קאָנען טאָן.

תהלים ל"ח, י"ט. „כי עוני אגיד אדאג מחטאתי". (אז איך זאָג מיין זינד, זאָרג איך פון מיין

זינד). ווען איז אַ זינד, וואָס מען טהוט במזיד (בייזוויליג), און חטאת מיינט אַ זינד, וואָס מען טהוט בשוגג (נישט וויסענדיג, אַז דאָס איז אַ פאַרברעך). אין מסכת יומא, דף פ"ו, ברענגט די גמרא, דאָס רב הונא זאָגט: „כיון שעבר אדם עברה ושנה בה הותרה לו, הותרה לו, סלקא דעתך? אלא אימא נעשית לו כהיתר". (אַז אַ מענש איז באַגאַנגען אַ פאַרברעך און האָט נאָך אַמאָל געטאָן דעם פאַרברעך, איז דאָס שוין מותר צו איהם (מעג ער דאָס שוין טאָן). פרעגט די גמרא: וואָס הייסט זאָל זיין מותר? ערקלערט די גמרא: עס ווערט ביי דעם מענשען דער פאַרברעך אַזוי גרינג, אַזוי ווי מען וואָלט שוין מעגען דאָס טאָן). דאָס באַקלאָגט זיך דוד המלך: „כי עוני אגיד", ווען איך זאָג מיין זינד, וואָס איך האָב געטאָן במזיד (בייזוויליג), איז נישט גענוג די שלעכטס, וואָס איך האָב געטאָן אַ זינד. „אדאג מחטאתי", מיר קומט צו אַ דאגה (אַ זאָרג) „מחטאתי", פון מיין שוגג, וואָס איך וועל דורך דעם בייזוויליגען זינד פאַרדאָרבען ווערען, און עס וועט זיך שוין נישט וויסענדיג טאָן זינד. עס וועט זיך שוין מיינען, אַז מען מעג טאָן דעם פאַרברעך.

**תהלים מ׳,** פסוק ט׳. „לעשות רצונך אלקי חפצתי ותורתך בתוך מעי", צו טאהן דיין ווילען ג־ט האָב איך געוואָלט און דיין תורה איז אין מיינע געדערים, דאָס מיינט צו זאָגען, אַז מען איז נישט יוצא מיט דער מיט וואָס מען האָלט אין איין זאָגען: איך

וויל זיין א גוטער איד און נאָר בלויז מיט דעם ריידען
יוצא זיין, נור א איד דארף זיין דורך און דורך איד,
נישט מיט ריידען און מיט דעם אויסערליכען אויסזעהן
נור ותורתך בתוך מעי, מען דארף זיין דורכגעדרונגען
אינעווייניג ווי אויסענווייניג.

**תהלים** קאַפּיטעל מ׳. „בשרתי צדק בקהל רב הנה
שפתי לא אכלה ה׳ כי אתה ידעת״. „איך,
וועלכער פרעדיג גערעכטיגקייט פאַר׳ן פּובליקום, וועל
מיינע ליפּען שוין נישט קענען איינהאַלטען, דו ג־ט,
ווייסט עס.״ ווער עס פרעדיגט פאַר׳ן פּובליקום און
איז געווען געוואוינט צו לערנען תורה פאַר׳ן פּובליק,
ווערט ביי איהם די געוואוינהייט זיין צווייטע
נאַטור, אַזוי ווייט, אַז ער קען שוין גאָרנישט אויפ־
הערען פון צו לערנען תורה ברבים (פאַר׳ן פּובליקום).
„הנה שפתי לא אכלא״, איך קען זיך שוין מעהר נישט
איינהאַלטען און צו האַלטען מיין מויל געשלאָסען. „ה׳
אתה ידעת״, דו ג־ט, ווייסט דאָך! דען דו האָסט דאָך
מיך באַשאַפען, און דו ווייסט דאָך מיין כאַראַקטער.

**ס׳איז פאַרהאַן** אין אבות דרבי נתן פ׳ ד׳: „חכם
שיושב ודורש בקהל מעלה עליו הכתוב
כאילו הקריב חלב ודם על גבי המזבח״. דאָס הייסט,
אַ חכם, וועלכער זיצט און פרעדיגט פאַר׳ן פּובליקום,
איז דאָס איהם פאַררעכענט, גלייך ווי ער וואָלט מקריב
געווען חלב און בלוט אויפ׳ן מזבח. דער מאמר גיט

צו מוט און ווילען נאָך מעהר צו פרעדיגען פאַר׳ן פובליקום, ווייל ער ווייס, אַז ער פאַרשוועגדעט נישט זיינע כחות אָהן נוצען, נאָר זיי ווערען פאַררעכענט אַלס קרבן, אָבער זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז אַ קרבן דאַרף זיין אָהן אַ „מום" (אַ פעהלער). דעריבער איז דער פליכט, אַז עס זאָל זיך אין זיין דרש׳נען נישט געפינען קיין מום. דער קרבן זיינער זאָל זיין כשר צו מקריב זיין אויפ׳ן מזבח. דעריבער איז אַ הייליגער חוב אויף יעדען פרעדיגער פאַר׳ן פובליקום אָפּצוטיילען דאָס עסען פון דעם אָפּפאַל, די תבואה פון דעם שטרוי. צו פרעדיגען פאַר זיינע צוהערער מיט געשמאַק, צו שפּייזען זיי מיט אַ גייסטיגער שפּייז פאַר זייער נשמה, און נישט צו פאַרברענגען די צייט מיט נאַרישקייט, חס ושלום. און באמת, פאַרוואָס זאָלען מיר נישט געבען פאַר די צוהערער געשמאַקע רייד, וועלכע זענען פאַר זיי צוגעפּאַסט, ברוך השם. אין אונזער תורה געפינען זיך דאָך אוצרות פול מיט כל טוב, טאָ פאַרוואָס זאָלען מיר זיי נישט פאַרגינען? פאַרוואָס זאָלען מיר נישט אָנטרינקען די דורשטיגע מיט ריינע קוועלענדיגע וואַסער פון אונזער תורת חיים־קוואַל? איך האָב בעזר השם צוגעגרייט רעיונות און מאמרים, וואָס מיר שרייבען דאָ, אזעלכע רעיונות, וואָס זענען נישט חס ושלום רעיוני רוח, ווינט־געדאַנקען, נאָר זיי זענען געבויט אויף די יסודות פון אונזער תורה, נור אַראָבגעלאָזט צו געוועהנליכע רייד, דאָס עס זאָל זיין פאַרשטענדליך פאַר אַלע.

**תהלים מ׳**, י״ד. „רצה ה׳ להצילני, ה׳ לעזרתי חושה״. ט״ו. „יבשו ויחפרו יחד מבקשי נפשי לספותה״. (וויל נאָר ג־ט מיר צו רעטען, ג־ט צו מיין הילף אייל, זיי וועלען זיך שעמען די, וואָס ווילען מיך אומברענגען). דוד המלך באַקלאָגט זיך: די וועלט איז מיר נישט מציל. מען רעטעט מיר נישט, זאָל אָבוואָהל די וועלט ווייזען סימפּאַטיע, מיטגעפיהל, אז זיי ווי־לען העלפען, אַז ג־ט דו וועסט שאַפען דעם ווילען, וועט דאָס שוין אויך זיין פאַר מיר אַ גיכע הילף, וואָ־רום מיינע אומברייננגער וועלען זיך שעמען פאַר די, וואָס זיי דאַרפען מיט זיי צוזאַמענקומען. „יבשו ויחפרו יחד מבקשי נפשי לספותה״. (זיי וועלען זיך שעמען פאַר די, וואָס זיי דאַרפען זיין צוזאַמען מיט זיי די פאַרלאַנגער מיך אומצוברענגען).

**תהלים מ׳**, י״ז. „ישישו וישמחו בך כל מבקשיך, יאמרו תמיד יגדל ה׳ אהבי תשועתך״. י״ח. „ואני עני ואביון ה׳ יחשב לי עזרתי ומפלטי אתה אלקי אל תאחר״. דוד המלך זאָגט צו ג־ט, דו דאַרפסט נע־מען אין אכט: דאָס די וואָס זענען דיר גערען, פרע־הען זיך מיט דיר. זיי זאָגען שטענדיג, אַז ג־ט איז גרויס, זיי ליבען דיין הילף זאָגאַר, אָבער דאָס איז אלעס ווען דו העלפסט זיי, אָבער „ואני עני ואביון״ (ווען איך בין ארעם און געפייניגט), פרעה איך אויך זיך מיט דיר, בעט איך „ה׳ יחשב לי״, ג־ט, דו דאַרפסט דאָס מיר באַרעכענען, וואָס איך בין שטענדיג מיט דיר צופרידען

און איך פרעה זיך מיט דיר אפילו אין ארעמקייט. „עזרתי ומפלטי אתה אלקי אל תאחר״, דארפסט מיר גלייך, אהן פארזאמונג, העלפען און רעטען.

**תהלים מ״א**, ד׳. „ה׳ יסעדנו על ערש דוי כל משכבו הפכת בחליו״. ה׳. „אני אמרתי ה׳ חנני רפאה נפשי כי חטאתי לך״. ו׳. „אויבי יאמרו רע לי מתי ימות ואבד שמו״. ז׳. „ואם בא לראות שוא ידבר לבו יקבץ און לו יצא לחוץ ידבר״. דוד המלך באַקלאָגט זיך: ווען איך בין קראנק, זאָג איך צו ג־ט: „דו לעהנסט אונטער אויפ׳ן קראַנקען־בעט, דו העלפסט דעם קראַנקען זיך אומצודרייען אויף זיין געלעגער״, איז אויף צו לינדערען די קראַנקהייט דאַרף איך דיר נישט בעטען, נאָר דאָס האָב איך געזאָגט צו ג־ט: „באַגנעדיג מיר, הייל מיין נשמה, ווארום איך האָב געזינדיגט צו דיר״, ווארום געווים נישט אומזיסט, האָסטו מיך קראַנק געמאַכט. די כלומרשטע מבקרי חולים מיינע, וואָס קומען מיך באַזוכען, זיי הערען ווי איך בעט ביי ג־ט אויף מיינע זינד, איז „אויבי יאמרו רע לי״ (מיינע פיינד זאָגען, אַז איך בין דער „רע״, דער שלעכטער). „מתי ימות ואבד שמו״ (זיי זאָגען אויף מיר, ווען וועט ער שוין שטאַרבען און זיין נאָמען זאָל פארלוירען ווערען), און וואָס זיי זענען געקומען זען מיין קראַנקהייט (מבקר חולה זיין) איז פאַלש וואָס זיי ריידען, זיי קלייבען אויף דאָס, וואָס זיי האָבען געהערט דעם וואָרט „אָון״ (אומרעכט), וועלכע איך האָב מתפלל

געוועזן צו ג־ט, האָב איך דערמאָנט אין מיין געבעט. פילייכט האָב איך געטאָן „אָון״ (אומרעכט), איז אין דרויסען דערצעהלען זיי וועגען דעם, (און אלע צוזאַמען סוד׳ען זיך אלע מיינע פיינד), טראכטען פון מיינע שלעכטס. דאָס הייסט, וואָס זיי האָבען געהרט ביי מיר אין דער תפילה, אַז איך בין שלעכט.

תהלים מ״ב, י״א. „ברצח בעצמותי חרפוני צוררי באמרם אלי כל היום איה אלקיך״. (מיט רציחה אין מיינע ביינער, לעסטערען מיר מיינע שונאים, מיט זייער זאָגען צו מיר אַ גאַנצען טאָג, וואו איז דיין ג־ט?). געפעלט מיר די פסוקים צו ערקלערען. אזוי ווי מיר ווייסען, דאָס דוד המלך עליו השלום האָט געוואָלט בויען דעם בית המקדש, האָט נתן הנביא איהם געזאָגט אין נאָמען פון ג־ט, דאָס ער וועט נישט בויען דעם בית המקדש, ווייל ער האָט פיעל מלחמות געפיהרט און בלוט פאַרגאָסען. די שונאים דוד׳ס האָבען דאָס אויסגענוצט. זיי פלעגען איהם באַליידיגען אַלע מאָל מיט דעם. באקלאָגט זיך דוד: ברצח בעצמותי חרפוני צוררי, זיי באשולדיגען מיך (מיט רציחה אין זאָגען, אז די מלחמות, וואָס איך האָב געפיהרט איז דאָס נישט געוועזן פון ג־ט׳ס וועגען, נאָר בלויז ווייל רציחה איז אין מיינע ביינער. איך בין פון דער נאַטור אַ מערדער. זיי באַטאָנען דאָס (זיי זאָגען צו מיר אַ גאַנצען טאָג, וואו איז דיין ג־ט?). זיי וואַרפען מיר אויף, זיי זאָגען א סימן איז אז איך האָב די מלחמות גע-

פיהרט ניט לשם מצוה, וואָס ג־ט לאָזט מיר נישט בויען דעם בית המקדש צוליב דעם וואָס איך האָב געפיהרט די מלחמות. זאָגט דוד אַנ'ענטפער די שונאים אין צוויי־טען פסוק: „מה תשתוחחי נפשי ומה תהמי עלי, הוחילי לאלקים כי עוד אודנו ישועת פני ואלקי". (וואָס ביסטו, מיין זעלע, אַזוי נידערגעשלאָגען און וואָס טהוסטו ברומען אויף מיר, האָף צו ג־ט, וואָרום איך וועל איהם נאָך לויבען אויף דער הילף פון מיין פנים. אלע וועלען זעהן, אז דאָס איז מיין ג־ט). איהר שונאים וועט זעהן, אַז איהר באַליידיגט מיך אומזיסט. ער מיינט מיט דעם צו זאָגען, לויט ווי די גמרא זאָגט אין מסכת שבת, דף ל'. די גמרא ברענגט, אַז ווען שלמה המלך עליו השלום האָט אַריינגעפיהרט דעם ארון אין בית המקדש האָבען די טויערען זיך נישט געוואָלט עפענען. ער האָט געזאָגט פיעל תפלות און עס האָט ניט געהאָלפען, ביז וואַנען ער האָט דערמאָנט דוד'ס זכות, דאַן האָבען זיך די טויערען געפענט. אין דער צייט האָבען אַלע שונאים דוד'ס זיך פאַרשעמט און האָ־בען געזעהן, ווער דוד המלך איז. באַטאָנט דוד: „מה תשתוחחי נפשי", דו נשמה, וועסט דאָך זעהען, ווי די שונאים וועלען חרטה האָבען אויף די בלבולים וואָס זיי האָבען אויף מיר געמאַכט. דו וועסט דאָך זעהן, ווי נאָך מיין שטאַרבען וועלען די טויערען פון בית המקדש זיך עפענען אין מיין זכות, טאָ „מה תשתוחחי נפשי?" מיין נשמה, וואָס ביסטו אַזוי געבויגען ביי זיך? האָף צו ג־ט, איך וועל איהם נאָך לויבען אויף

דער הילף פון מיין פנים, וואָס איך וועל קענען קוקען פריי, און אַלע וועלען זעהן, אַז ג־ט איז מיינער.

תהלים מ״ד, י״ג. „תמכר עמך בלא הון ולא רבית במחיריהם״. י״ד. „תשימנו חרפה לשכנינו לעג וקלס לסביבותינו״, „דו פארקויפסט דיין פאָלק אָן געלד, און דו האָסט נישט געמערט אין דעם פרייז פון זיי״. „דו מאכסט אונז צו חרפה ביי אונזערע שכנים צו שאנדע און צו שפאָט ביי אונזערע ארומיגע״. דוד המלך טענה׳ט צו ג־ט, דער מנהג העולם, דער שטייגער פון דער סוחרישער וועלט איז, אז ווען מען פארקויפט א זאך פאר מזומן געלד, רעכענט מען דעם פרייז פאר די וואַרע ביליגער, אָבער ווען מען פארקויפט א זאך אויף קרעדיט, רעכענט מען די זאך טייערער. און דו רבונו של עולם, דו האָסט פארקויפט דיין פאָלק אויף קרעדיט, מיר זעהען נאָך דערווייל קיין מזומן נישט פאר אונזער אידישקייט, האָבען דאך אמווייניגסטען די פעלקער געדארפט צאָהלען א גרויסען פרייז פאר אונז, דאָס הייסט אונז אָפּגעבען דעם געהעריגען כבוד, וואָס אונז קומט פאר אזוי פיעל ליידען, פאר בלויז אידעאל, אָם ענדע איז דער פרייז אונזערער ליידער גאָר א ני־דעריגער, א שפּאָט ביליגער, דערמיט ווערען מיר דאך צו שאַנדע און שפּאָט ביי אונזערע שכנים און ארומיגע, דאָס זיי זעהען דאָס מיר זיינען אזוי ביליג. מען האָט אונז פארקויפט נישט פאר מזומן, און צו דעם, אזא ביליגען פרייז, דאָס מאַכט אונזערע שכנים צו דענקען פון

דעם באַווייז, אַז מיר האָבען קיין ווערדע. י"ח. „כל זאת באתנו ולא שכחנוך ולא שקרנו בבריתך", מיר זיינען צו דעם אלעם צוגעקומען און דאָך האָבען מיר דיר ניט פאַרגעסען און ניט פאַרלייקענט דעם בונד מיט דיר. כ"ז. „קומה עזרתה לנו ופדנו למען חסדך", שטעה אויף אונז צו הילף, און לייז אונז אוים פון דיין חסד'ס וועגען, דאָס מיינט ער צו באַטאָנען דאָס איז נישט פאר בלויז אונז דער חסד, נאר דער חסד איז פאר דיר, ווארום צופיעל מאַכען שוין די פעלקער שפּאָט אויף דיין נאָמען אויך.

**תהלים מ"ה**, ד'. „חגור חרבך על ירך גבור הודך והדרך". (גאַרטעל אַרום דיין שווערד אויף דער זייט, שטאַרקער דיין שעהנקייט און פּראַכט). דוד המלך זאָגט: שעהן און פּראַכט איז פאר דעם העלד, אַז ער זאָל דעם שווערד נישט נוצען אין די הענט, נאָר בלויז זיין אָנגעגאַרטעלט אויף דער זייט.

**תהלים מ"ה**, ח'. „אהבת צדק ותשנא רשע, על כן משחך אלקים אלקיך שמן ששון מחברך". (האָסט ליעב גערעכטיגקייט און דו האָסט פיינד שלעכטס, דעריבער האָט ג-ט דיין ג-ט דיר געזאַלבט מיט די פרייליכע בוימאייל, אויסגעקליבען דיך פון דיינע חברים). ס'איז דאָ מענשען, וואָס האָבען ליעב גערעכטיגקייט, אָבער ווערען נישט אויפגערעגט, ווען

זיי זעהען שלעכטס, ווייל זיי זענען טאָלעראַנט אין זייער כאַראַקטער. זיי ליעבען די רוהיגקייט. איז ביי זיי אלץ רעכט. איז דער סאָרט מענש מיט זיין ליעב־שאַפט צו גערעכטיגקייט קען נאָך נישט זיין קיין פיה־רער ביים פאָלק, ווייל ער וועט נישט באַשטראָפען פאר שלעכטס. אָבער דו? — זאָגט דוד: ליעבסט גערעכטיג־קייט פרינציפיעל, און דו האָסט פיינט די שלעכטס. דעריבער ביסטו דער אויסגעקליבענער פון דיינע חברים צו זיין דער געזאַלבטער פיהרער.

**תהלים נ"א**, ו'. „לך לבדך חטאתי והרע בעיניך עשיתי למען תצדק בדברך תזכה בשפטך".
(צו דיר אַליין האָב איך געזינדיגט, און די שלעכטס אין דיינע אויגען האָב איך געטאָן, כדי דו זאָלסט גערעכט זיין אין דיין משפט'ען). דוד בעט ביי ג־ט און זאָגט: איך האָב טאַקע געזינדיגט, אָבער נישט צו קיינעם, נאָר צו דיר אַליין. איך האָב דאָך קיין מענשען קיין שלעכטס נישט גטאָן, אַז דו וועסט מיר מוחל זיין (שענקען) מיין זינד, וועסטו קיינעם מיט דעם גאָרנישט טאָן. קיינער האָט נישט אויף דעם וואָס געגען צו זיין. דו וועסט זיין גערעכט, ווען דו וועסט זאָגען ביי מיין משפט, אַז דו ביסט מיר מוחל.

**תהלים נ"ב**, ה'. „אהבת רע מטוב שקר מדבר צדק סלה". (דו האָסט ליעב שלעכטס פון גוטס, און ליגען פון ריידען גערכטיגקייט). דוד המלך רעדט

צו דואג אדומי: אין יעדער זאַך איז דאָ צוויי זייטען: גוטס און שלעכטס, אמת און ליגען. איז דער גוטער מענש. מיט'ן גוטען כאַראַקטער, געפינט שטענדיג די גוטעס פון דער זאַך, אָבער דו, דואג, האָסט ליעב די שלעכטס פון די גוטס, פון די גערעכטיגע רייד ליעבסטו צו געפינען דעם ליגען.

**תהלים נ"ו, י"א.** „באלקים אהלל דבר בה' אהלל דבר". „אלקים" איז „מדת הדין", וואָס מען באַצאָהלט דעם מענשען לויט זיינע פאַרדינסטען, ווי ער איז ווערט. „ה'" איז „מדת הרחמים", וואָס מען גיט דעם מענשן גוטס, מעהר ווי זיינע גוטע מעשים, אָדער דעם זינדיגען באַשטראָפט מען נישט לויט זיינע זינד, נאָר מען שענקט איהם. זאָגט דוד המלך: „באלקים אהלל דבר, בה' אהלל דבר". איך לויב ג-ט, סיי ער גיט מיר מיט „מדת ה', מיט רחמים", און סיי ער גיט מיר מיט „מדת אלקים. מדת הדין".

**תהלים ס"ב, י"ב.** „אחת דבר אלקים שתים זו שמעתי כי עז לאלקים". י"ג. „ולך ה' חסד כי אתה תשלם לאיש כמעשהו" (ג' האָט גערעדט איינס און איך האָב דאָס פארשטאַנען צוויי, דאָס ער איז א שטאַר־קער ג') (און צו דיר ג' איז די גנאדע אז דו באַצאָהלסט יעטוועדען ווי זיינע מעשים). דאָס מיינט צו זאָגען, אלע ריכטער ווען זיי ריכטען דעם באשולדיגטען, ריכטען זיי איהם איינס פון דיביידע אדער זיי באשולדיגען

איהם, אדער זיי מאַכען איהם גערעכט און באפרייען איהם. איז ווען זיי באשולדיגען איהם, טהוען זיי איהם שלעכטס, זיי באשטראָפען איהם, און ווען זיי מאכען איהם גערעכט און באפרייען איהם טהוען זיי איהם גוטעס, אָבער אין ג־ט׳ס משפט איז אחת דבר אלקים ווען ער רעדט נור איינס, דאָס הייסט, אפילו ווען ער באשולדיגט דעם מענטש און באשטראָפט איהם, איז דאָס נישט בלויז באשטראָפט, נאָר אין דער שטראָף איז דאָ גוטעס אויך פאר דעם מענטשען. „שתים זו שמעתי״. עס ווערט דערהערט אין דער שטראָף גוטעס אויך, „ולך ה׳ חסד כי אתה תשלם לאיש כמעשהו״. אין משפט ג׳, ווען דו באַצאָלסט דעם מענשען זיין שטראָף איז נישט בלויז דער שטראָף, עס איז אין משפט, אין די שטראָף דאָ חסד אויך. ס׳קומט פיעל מאָל אוים פון דער רעה די גרעסטע טובה פאר דעם מענטש, אזוי ווי די גמרא אין ברכות דף ס׳ דערצעהלט: „רבי עקיבא הוה אזיל באורחא והוה בהדיה חמרא ותרנגולא ושרגא, מטא האי דוכתא, בעא אושפיזא, ולא יהבו ליה. אמר: כל דעבדין מן שמיא לטב, אזל, בת בדברא. אתא אריה אכליה לחמריה, אתא שונרא אכלה לתרנגולא, אתא זיקא כביה לשרגא, אמר כל דעבדין מן שמיא לטב, בלילה אתא גייסא, שבייה למתא, אמר להו: היינו דאמרי כל דעבדין מן שמיא לטב״. רבי עקיבא איז גע־גאַנגען אין דער וועגענס, ער האָט גענאָט מיט זיך איין אייזל, אַ האָן און א ליכט. קומענדיג צו א באשטימטען פלאַץ האָט ער געבעטען מען זאָל איהם לאָזען נעכטי־

גען, האָט מען איהם נישט געלאָזען, און ער האָט גע־מוזט נעכטיגען אויף דעם פרייען פעלד. איז געקומען א לייב און אויפגעגעסען דעם אייזל, און עס איז גע־קומען א קאַץ און אויפגעגעסען דעם האָן, און א ווינד האָט פארלאָשען די ליכט. אויף יעדער זאַך האָט רבי עקיבא געזאָגט, אז אלעס וואָס מען טוט פון הימעל איז אַלעס צו גוטען, דאָס מיינט פון אויבערשטענס רעות קומט ארויס גוטס. די ענדע איז געווען אין מיטען נאכט זיינען א באנדע רויבער באפאלען די אכסניא און מען האָט זיי גענומען אין געפענגעניש, האָט רבי עקיבא דאן זיינע לייטע ערקלערט דאָס זיינע ווערטער איז גע־ווען ריכטיג, דאָס פון הימעל איז אלעס צו גוטען. ווען די ליכט וואָלט געברענט, וואָלט די באנדע איהם דערזעהן. ווען דער אייזל מיט דעם האָן וואָלטען נישט אויפגעגעסען געוואָרען, וואָלטען זיי זייערע שטימען געלאָזט הערען, וואָלט די באנדע צו איהם געקומען, אין דעם אויבערשטענס שטראָף איז דאָ גוטעס אויך, איז דאָס וואָס אונז דוכט זיך אז עס איז איינס, קומט ארויס גאָר נאָך וואָס גוטעס אויך.

**תהלים ס״ג, ז׳.** „אם זכרתיך על יצועי באשמורת אהגה בך״. (אויב איך געדענק דיר אויף מיין געלעגער, איז אין די משמרים, ווען איך וועק זיך אויף, רייד איך וועגען דיר). דאָס מיינט דוד המלך דעם זעלבען געדאַנק, וואָס ער זאָגט אין פרק ד׳. „רגזו ואל תחטאו אמרו בלבבכם על משכבכם״.

(ציטערט און זינדיגט נישט, טראכט אין אייער האר־צען אויף אייער געלעגער). ווען מען וויל טאן גוטס אינדערפריה, זאל מען זיך באטראכטען ביינאכט. אז מען האט ג־ט אין הארצען ביינאכט, אויפ׳ן געלעגער, וועט מען טאן אינדערפריה גוטס. אז מען טראכט ביי נאכט אויפ׳ן געלעגער גוטס, טהוט מען דאס אין דער פריה.

**תהלים ס״ו**, י״ח. „און אם ראיתי בלבי לא ישמע ה׳״. י״ט. „אכן שמע אלקים הקשיב בקול תפלתי. דוד המלך שילדערט די גוטסקייט פון ג־ט און זאגט א באווייז אויף דעם: (ווען איך זעה [דאס מיינט, ווען איך טראכט, אזוי ווי אין קהלת שרייבט ער: „תרתי בלבי״ איך האב געזעהן אין מיין הארצען, וואס דאס מיינט, איך האב באטראכט אין מיין האר־צען] אין מיין הארצען אומרעכט, [איך טראכט צו טאן שלעכטס] מאכט זיך ג־ט נישט הערענדיג. אזוי ווי די גמרא אין קדושין, דף מ׳, זאגט: „מחשבה רעה אין הקדוש ברוך הוא מצרפה למעשה״, שלעכטע גע־דאנקען פאררעכענט נישט ג־ט ווי טהאט (מעשה). דאס מיינט: ער באשטראפט נישט פאר׳ן טראכטען צו טאן די עברה). אבער דאס הערט ג־ט. ער פארנעמט די שטימע פון מיין תפלה, וואס איך גיב אוים מיין הארץ פאר איהם, אבוואהל איך טהו גארנישט, נאר בלויז מחשבה (טראכטען אין הארצען. אזוי ווי עס ווערט געבראכט אין „ספרי״ און אין „ירושלמי״, ברכות, פרק

תפילת השחר: „אי זו היא עבודה שבלב זו תפלה״. וועלכע דיענסט רעליגיעזע, וואָס איז אין האַרצען — דאָס איז תפלה (דאַווענען). ווי די גמרא זאָגט דאָרט אין קידושין „מחשבה טובה הקדוש ברוך הוא מצרפה למעשה״. (אַ גוטען טראַכטען אין האַרצען, אָבוואָהל מען האָט די גוטע זאַך נישט געטאָן, רעכענט ג־ט, ווי מען וואָלט געטאָן די גוטע זאַך).

**תהלים ס״ט, כ׳.** „אתה ידעת חרפתי ובשתי וכלמתי נגדך כל צוררי״. (דו ווייסט מיין חרפה און מיין שאַנדע, דאָך אַמאָל טראָגט זיך איבער גרינ־גער די שאַנדע). דאָך אַמאָל טראָגט זיך איבער גרינגער די שאַנדע, לויט דער פּערזאָן, וועלכער עס בעליי־דיגט. אַזוי ווי די משנה אין בבא קמא, דף פ״ג, זאָגט: „הכל לפי המבייש״. דאָס באַצאָהלען פאַר פאַרשעמען איז לויט דער פּערזענליכקייט פון פאַרשעמער. אָבער מיר איז שווער איבערצוטראָגען די פאַרשעמונג, לויט די פאַרשעמערס מיינע. דו, ג־ט, ווייסט דאָך „נגדך כל צוררי״, אַנטקעגען דיר זענען מיינע צוררים, דו קענסט דאָך זיי גוט, און דו ווייסט מיין חרפה, פון אַזעלכע לייט צו מבויש ווערען!

**תהלים ס״ט, ל״ו.** „כי אלקים יושיע ציון ויבנה ערי יהודה״. ל״ז. „וזרע עבדיו ינחלוה ואהבי שמו ישכנו בה״. (וואָרום ג־ט וועט העלפען ציון און וועט בויען די שטעדט פון יהודה). און די קינדער, וואָס

זענען זיינע קנעכט, זיי וועלען איהר ארבען. דאָס מיינט די וואָס זיינען נאָר אין דער מדריגה פון עבדים, זיי וועלען קויפען נחלאות, האָבען פאַרמעגענס אין ציון און יהודה און וואוינען וועלען זיי אין אַנדערע לענדער, אָבער „ואהבי שמו ישכנו בה". די קינדער וואָס ליבען נאָמען, די וואָס זיינען אין דער מדריגה פון ליעב-האָבער צו זיין נאָמען, וועלען זיך נישט באַנוגענען מיט האָבען פאַרמעגענס און נחלאות אין ארץ ישראל, נאָר זיי וועלען וואוינען דאָרט. דאָס זעהען מיר מיט די אויגען אונזערע, דאָס פיעל כלומרש'טע סימפּאַטיקער צו אונזער לאַנד, זיי קויפען פּרדסים, הייזער אין ארץ ישראל, מאַכען געשעפטען מיט ארץ ישראל צו פער-דינען גוטע געלד, אָבער זיי אליין זיצען אין די גלות לענדער און די אמת'ע ריכטיגע ליבהאָבערס זיצען טאַקע אין ארץ ישראל און טרעטען נישט אָפּ פון דאָרט.

תהלים ע"ג, ח'. „ימיקו וידברו ברע עושק ממרום ידברו". ט'. „שתו בשמים פיהם ולשונם תהלך בארץ". זיי מאַכען צוגעהן מענשען [דאָס מיינט זיי מאַכען אַ באַרג אַש פון מענשען] און זיי ריידען אין שלעכטס, רויב, פון דער הויך ריידען זיי, דאָס מיינט, אַז בשעת זיי ריידען פון שלעכטס און רויב, מאַכען זיי די פאַנטאַזיע, ווי זיי וואָלטען ריידען הויכע אידעאַלען. זיי טהוען אין הימלישע זאַכען זייערע מויי-לער, זיי מאַכען זיך ווי זיי וואָלטען ריידען די גייסטיגע

ענינים, אָבער אין דער ריכטיגקייט „ולשונם תהלך בארץ", איז זייער צונג געהט אין דער ערד, דאָס מיינט זייער ריידען און כונה איז פון די נידעריגסטע זאַכען.

**תהלים פ"ח, ח'.** „עלי סמכה חמתך וכל משבריך ענית סלה". (אויף מיר שטיצט זיך דיין כעס, און אַלע דיינע ים־כוואַליעס האָסטו מיט זיי מיר שטענדיג געפּייניגט). דוד המלך באַקלאָגט זיך פאַר ג־ט: דיין כעס און פּיין, וואָס איז דאָ אויף דער וועלט שטיצען זיך אויף מיר. ווען נישט איך, וואָלטען זיי אויף דער וועלט נישט געווען. פאַר קיינעם נוצט מען זיי נישט, נאָר פאַר מיר. אַזוי ווי די גמרא אין יבמות, דף ס"ג, זאָגט: „אין פורענות באה לעולם אלא בשביל ישראל". (קיין פורעניות קומט נישט אויף דער וועלט נאָר צוליעב אידען).

**תהלים צ"ב, ו'.** „מה גדלו מעשיך ה' מאד עמקו מחשבתיך" (ווי גרוים זיינען דיינע מעשים, זייער טיעף זיינען דיינע טראַכטונגען). אין מעשים ווערט געשאצט דער טוהער פון די מעשים לויט די גרוים פון די מעשים, וואָס די ארבייט איז גרעסער דאָס יעדער מענש זאָל קענען זעהן די ארבייט, איז דער אר־בייטער מעהר באוואונדערט, אָבער געדאַנקען און מחשבות ווערען געשאצט לויט די טיפזיניקייט, און וואָס טיפער די געדאַנקען און מחשבות זיינען, דאָס

נישט יעטוועדער קען זיי פארשטיין, באווייזט דאָס די מחשבות און געדאנקען זיינען גרעסערע און דער בעל מחשבות איז גרעסער, דאָס זאָגט דוד המלך, אין מעשים איז דיר ג' צו באוואונדערען, ווי גרויס דיינע מעשים זיינען, דאָס אלעס קענען זיי זעהן, אָבער פארקערט איז מיט דיינע מחשבות, זיי זיינען זייער טיף און פארבאָרגען, נישט יעטוועדער קען זיי פארשטיין און זיי וויסען.

תהלים ק', ב'. „עבדו את ה' בשמחה באו לפניו ברננה" (דינט ג' מיט פרייד, קומט פאר איהם מיט געזאנג) מיר דארפען דינען ג' מיט פרייליכקייט אזוי ווי דער באוואוסטער כלל „שאין שכינה שורה מתוך עצבות" (שבת דף ל'). די שכינה רוהט ניט אויפ'ן מענש ווען ער איז פאראומעדיקט, דעריבער זאָלט איהר דינען ג' מיט פרייליכקייט, פרעגט זיך אָבער די פראגע: אז מען איז פאָרט אומעדיג, עס איז נישט גוט אויפ'ן הארץ, איז די עצה: באו לפניו ברננה, דארף מען טאָן מיטלען, איז איינער פון די בעסטע מיטלען צו באקומען א אינערליכע שמחה, מען זאָל קומען צו איהם מיט געזאנג, מען זאָל זיך פארנאנדער זינגען און די אויסערליכע געמאַכטע פרייד וועט ברייננגען צו די אינערליכע שמחה. און נאָך מעהר עצה צו באקומען די אינעווייניגסטע שמחת הנפש זאָגט דוד המלך, אין פסוק ד', „באו שעריו בתודה חצרותיו בתהלה, הודו לו ברכו שמו". איהר זאָלט אריין קומען אין זיינע געטליכע טויערען מיט דאנק, אין זיינע פלע-

צער מיט לויב. דאָס איז א גוטע עצה ווען מען וויל עפּעס קריגען ביי א צווייטען זאָל מען נישט וואַרטען מיט דעם דאַנק ביז דעם באַקומען די זאַך, נאָר מען זאָל זיין געזיכערט דאָס יענער זאָל טאָהן די זאַך, איז געבען איהם דעם דאַנק בעפאָר זיך מאַכען אז מען צווייפעלט נישט אין דעם באַקומען די זאַך, וועט שוין יענעם נישט זיין אנגענעהם אפּצוזאָגען, דעריבער איז אזוי ווי דו וועסט נאָר אָנפאַנגען מתפלל זיין צו ג׳, זאָלסטו נישט וואַרטען מיט דיין דאַנקען איהם, ביז דו וועסט געהאָלפען ווערען, נאָר דאנק איהם ווי דו פאַנגסט אָן מתפלל זיין, געוויינליך אז מען ווייס נישט גוט דעם כאַראַקטער פון דעם וואָס איך בעט איהם איז א מורא איהם צו דאנקען פריער, ווארום מען קען בלייבען בחרפה ווען יענער פארזאָגט און צו דעם א דאנק גע־געבען אומזיסט, אָבער מיט ג־ט ביזטו זיכער אז דו וועסט נישט בלייבען בחרפה, ווייל געווים וועסטו פון איהם געהאָלפען ווערען. זאָגט דוד אין פסוק ה׳: „כי טוב ה׳ לעולם חסדו" (ווארום ג׳ איז א גוטער, זיין גע־נאָדע איז שטענדיג) דארום קענסטו זיכער איהם גלייך דאנקען, ווייל געווים וועט ער טאָן דיין גוטען פארלאנג און דו קענסט איהם דינען מיט פרייד און קומען גלייך צו איהם מיט געזאנג.

**תהלים ק״ג, ו׳.** „עשה צדקות ה׳ ומשפטים לכל עשוקים" (ג־ט טהוט צדקות און געריכטען צו אלע בערויבטע) דאָס מיינט ער צו זאָגען, אזוי ווי

עס געפינט זיך פארשידענע כאראקטערס און נאטורען, ס'איז דא אזעלכע מענשען וואס אין געשעפט איז ער ערליך, וועט נישט פארלאנגען קיינעמס, ווען ער פארקויפט, אדער וואו ער קויפט, איז מיט די גרעס־טע פינקטליכקייט, זיין ווארט איז הייליג, ער וועט איהם נישט משנה זיין, אפילו ווען ער קען דורך דעם פיעל שאדען ליידען, אויך ער באהאנדעלט ארענטליך זיינע ארבייטערס, דריקט זיי נישט אין די פרייזען, ארבייט נישט מיט זיי מער ווי עס קומט, מיט איין ווארט: ער איז איין ערליכער מאן אין פולען זין פון ווארט. אבער אויף דעם געביט פון צדקה, א טובה טאן א מענטשען אדער צו געבען צדקה איז ער א שווערער מענש, וויל נישט וויסען פון קיין געדריקטען, ס'איז נישטא קיין פונק פון רחמנות ביי איהם, אויך איז דא אן אנדער טיפ מענש, וועלכער איז גוט הערציג פאר אלע צדקות מיט דער ברייטער האנט, מיטן פולען זינען פון ווארט און האט ליעב צו טאהן א טובה יעדען מענשען. מיט איין ווארט: ער איז א גוטהערציגער, אבער וואס אנבאלאנגט צו געשעפט, איז ער א שווע־רער מענש. אין קויפען און פארקויפען איז זיין ווארט קיין ווארט נישט. אויך צו זיינע מענטשען וואס ארביי־טען ביי איהם איז ער א עקספלואטאטאר, ציהט ביי זיי ארוים דעם מארך פון די ביינער, ווייניג שכירות צאהלט ער, און פיעל ארבייט פערלאנגט ער, די צדקות וואס ער גיט מיט דער גרויסער ברייטער האנד איז נישט זיינע, ער נעמט אפ פון זיינע מענשען וואס ער

האָט פארקער מיט זיי, אויך מיר טרעפען טיפען פאב־ריקאַנטען, וואָס ער גיט זיך אָפּ א קרבן פאר דעם שבת, ער איז א שטרייגגער שומר שבת, שליסט זיין גרויסען פאבריק שבת, און ביי דעם פאבריקאנט געפינען איין אָרט פרומע, עהרליכע אידען, וואָס ווילען נישט פאר־שוועכען דעם הייליגען שבת, עס איז זייער פיין פון אזא פאבריקאנט, נאר איין קלייניגקייט טהוט ער. צום ביישפּיל: דאָס שליסען די פאבריק שבת, מאכט איהם שאדען אומגעפעהר צוויי הונדערט דאלער א וואָך, טוהט ער נאָר איין קלייניגקייט, די ארימע הונ־דערט ארבייטער וואָס זיינען געקומען צו איהם אין פאבריק ארבייטען, כדי זיי זאָלען קענען זייער הייליגען שבת היטען, זאָגט ער דער פרומער פאבריקאנט צו זיי, דאָס ער קען מער נישט צאָהלען ווי פופציג, אדער פער־ציג פּראָצענט, לויט ווי די מחללי שבת צאָהלען זייערע ארבייטערס, מאָטיווירענדיג מיט דעם וואָס ער איז אין דעפיציט צוליעב די געשלאָסענקייט פון פאבריק שבת, איז אנשטאט וואָס אין דעם פאך פארדינען אלע ארביי־טער פערציג דאלער א וואך, גיט ער זיי 20 דאלער, א וואך, און ווען מען צאָהלט אין דעם פאַך 20 דאלער א וואך, צאָהלט ער זיינע ארבייטער צעהן, אדער ארום צוועלף דאלער א וואך, איז נעמט ער שוין אָפּ דער גע־מאכטער פרומער פאבריקאנט פאר זיין שמירת שבת, דעם שכר אויף דער וועלט, ער נעמט אפּ פאר דעם טאָג שבת פון זיינע אמת'ע פרומע ארבייטער צעהן־פאַכיג מיט איין וואָרט, עס געפינען זיך בעלי צדקה און פרומע

אויף דעם חשבון פון אומערליכקייט און עקספּלואַטאַ־
ציע, צו דערדריקען די געדריקטע. עס קומט אוים מיט
איין האַנד מאַכט ער קראַנקע און אָרעמעלייט, און
מיט דער צווייטער האַנט גיט ער צדקה און בויט
האָספּיטעלער. דוכט זיך, אויף די בעלי־צדקות, שרייבט
דער מהרש״א, אין מסכת כתובות, דף ס״ז, דיזע ווער־
טער: „פיעל מענטשען אין דעם דור זאַמלען רייכטום
נישט מיט עהרליכקייט, נאָר מיט חילול השם, און
נאָכהער גיבען זיי פון דעם געלט נדבות, עס זאָל זיין
פאַר זיי כבוד, און מען זאָל זיי געבען „מי שברך״. זאָל
זיין פאַר זיי אַ נאָמען מיט שענקייט, אָבער דאָס איז
מצוה געמישט מיט עבירה, און אַזאַ רייכקייט האָט
נישט קיין קיום״. עס וואָלט פיעל גלייכער געווען, נישט
צו געבען קיין צדקה צו ארעמע לייט און אויף דעם
האָספּיטאל, נור בעסער באַצאָהלען דעם ארבייטער
וואָס איהם קומט, און נישט ארויסציען פון איהם זיין
לעצט ביסעל כוחות, מיט די אויבערשטונדען, ער זאָל
נישט דאַרפען ליגען אין האָספּיטאָל. אויך באַהאַנדלען
עהרליך די מענשען, וואָס ער האָט פאַרקער מיט זיי
אין געשעפט, ער זאָל דורך איהם נישט פאַראָרעמט
ווערען. דאָס זאָגט דוד המלך, דאָס דער אויבערשטער
איז עושה צדקות, ער גיט צדקה צום מענשען. ער איז
אַ רופא חולים, אַ זוקף כפופים, אַ דיין אלמנות, אַב־
אבי יתומים, אָבער אין דער זעלבער צייט איז ער
אויך מקיים „ומשפטים לכל עשוקים״, משפט צו די
באַרויבטע, דאָס קיינער זאָל נישט ווערען בארויבט.

אזוי זאָל זיך דער מענש פיהרען: נישט דריקען קיינעם, נישט באַ׳גזלנ׳ען קיינעם, נאָר אזוי ווי ער איז א רופא חולים, איז ער א נותן לחם לכל בשר אויך. אזוי ווי ער גיט ברויט צו מענשען, זאָל ער קיין ברויט ניט צונעמען פון מענשען.

**מען דערצעהלט** אויף א באוואוסטען גרויסען אידי־שען פאבריקאנט, א מיליאָנער פון אייראָ־פע, וועלכער עס האָבען ביי איהם אין פאבריק גע־ארבייט א ערך פינף און צוואנציג טויזענד ארבייטער, איז דער מיליאָנער אין בעדער סעזאָן געווען אין א באַ־וואוסטען באָד־אָרט. צו דער זעלבער צייט האָט זיך דאָרט אויך געפונען דער גרויסער אידישער מיליאָנער און פילאַנטראָפּ באַראָן הירש, זכרונו לברכה. דער פאבריקאנט האָט זיך געמיעט, אָנווענדענדיג אלע מיט־לען, צו קענען קריגען א אודיענץ ביי באַראָן הירש׳ן דאָס איז געווען א גרויסער כבוד. עס איז איהם געלונ־גען אויף א באשטימטען טאָג אָנצוקומען צום באַראָן, זיך פאָרשטעלענדיג פאר דעם באַראָן אלס אידישער פילאַנטראָפּ, האָט ער דערצעהלט זיינע גרויסע פער־דינסטען וואָס ער האָט פאר דעם אידישען פאָלק, מענין לענין האָט ער דערצעהלט, דאָס ער האָט ביי זיך אין שטאָט אויפגעבויט א גרויסען אידישען האָספּיטאַל, וועלכער קאָסט איהם א קאָלאָסאַלע סומע געלד, ס׳איז אין איהם דאָ 1500 בעטען, און ס׳איז דאָ אין האָספּיטאל אלע מאָדערנע באקוועמליכקייטען, און די אידישע

קראַנקע באַקומען אַלעס פריי אומזיסט. דער באַראָן האָט איהם אויסגעדריקט פיעל דאַנק פאַר זיין פיינע וואָלטעטיגקייט, נאַכהער פרעגט איהם דער באַראָן: וויפיעל לייטע ארבייטען ביי איהם אין פאַבריק? האָט איהם דער פאַבריקאַנט געענטפערט, דאָס פינף און צוואַנציג טויזענט לייטע ארבייטען. פרעגט איהם ווי־דער דער באַראָן: ווער זיינען די לייטע? האָט ער אויס־גערעכענט, דאָס אַזוי פיעל פון דער נאַציע, און אַזוי פיעל פון דער נאַציע, נאָר אידען נישט גערעכענט אין דער צאָהל. מיט גרויס אויפרעגונג גיט דער באַראָן א שפיי און זאָגט מיט אויסגעשריי: ברויט גיסטו יענע, און אידען לייגסטו אין האָספּיטאָל! לייג יענע אין האָס־פּיטאָל און די פאַראַרימטע געדריקטע אידען גיב ברויט.

**תהלים ק״ג, ז׳.** „יודיע דרכיו למשה לבני ישראל עלילותיו.״ (צו משה׳ן האָט ער געמאַכט וויסען זיינע וועגען, צו די אידען זיינע מעשים (טהאַ־טען). דאָס מיינט צו משה רבנו איז גענוג געווען נאָר צו ווייזען די דרכי ה׳, די וועגען פון ג־ט. האָט שוין משה רבנו אַלעס אַליין פאַרשטאַנען אין דער געטליכ־קייט, אָבער צו די אידען איז נישט גענוג געווען בלויז ווייזען די וועגען און זיי זאָלען שוין פאַרשטעהן די דרכי ה׳. זיי האָט מען געמוזט ווייזען מעשים, טהאַ־טען.

**תהלים ק״ו, ג׳.** „אשרי שמרי משפט עשה צדקה בכל עת״. (גליקליך זענען די, וואָס היטען

דעם משפט. ער טהוט צדקה צו יעדער צייט). דאָס מיינט צו זאָגען: זעהר וויכטיג איז צו היטען דעם געזעץ, אָבער נישט דורכאוים זיך צו באַנוצען מיט'ן משפט, נאָר צום טהאט. זאָל מען טאָן „צדקה" נישט מיט דער שטרענגקייט פון משפט.

**תהלים ק"ו, ו'. „חטאנו עם אבתינו, העוינו הרשענו".**
(מיר האָבען געזינדיגט מיט די עלטערען. מיר האָבען פאַרקרימט, מיר האָבען שלעכטס געטאָן). אייגענטליך, אַז מען איז זיך מתודה אויף די זינד, וואָס מען האָט געטאָן, וואָס מישט מען די עלטערען, וואָס דערמאָנט מען, אַז זיי האָבען געזינדיגט? נאָר דאָס מיינט אַ פאַרטיידיגונג. אַז דאָס וואָס מיר האָבען געזינדיגט, איז נישט אינגאַנצען אונזער שולד. נאָר מיר האָבען געזינדיגט מיט אונזערע עלטערען. דאָס מיינט, זיי האָבען צוגעהאָלפען אונזער זינד, זיי וואָלטען זיך פיהרען אַנדערש אין אונזער ערציהונג וואָלטען מיר נישט טאָן אַזעלכעס. מעגליך דאָס איז די כונה וואָס פאר אשמנו זאָגען מיר די ווערטער: אבל אנחנו ואבותינו חטאנו, אייגענטליך וואָס מישען מיר צו אונ־זערע זינד די עלטערען, נור דאָס מיינט א פארטיידיקונג אז אין דעם אשמנו מיט'ן על חטא איז נישט בלויז אונזער שולד נור ווען אונזערע עלטערען וואָלטען אונז אַנדערש געלערענט, וואָלט נישט צוגעקומען צו דעם אשמנו.

**תהלים ק״ח**, ב׳. „נכון לבי אלקים, אשירה ואזמרה אף כבודי״. (מיין הארץ איז טריי צו ג־ט, איך וועל זינגען און לויבען, אבוואהל עס באריהרט מיין כבוד). לויט די פסוקים געפינען מיר, ווען דוד האט געטאנצט פאר׳ן ארון, און זיין פרוי, מיכל, האט איהם קריטיקירט, וואס ער פיהרט זיך נישט שטאטס־מעסיג, ווי עס פאסט פאר א קעניג, האט ער איהר גע־ענטפערט די ווערטער: „לפני ה׳״ — ער טהוט דאס פאר ג־ט. מיט דעם ענטפער איז שוין אלעס רעכט, ווארום וואו עס קומט אין די ענינים, וואס צו ג־ט, איז נישט שייך (פאסענדיג) צו קלערען וועגען אונ־זער כבוד.

**תהלים ק״ט**, ד׳. „תחת אהבתי ישטנוני ואני תפלה״. זיי דארפען צו מיר האבען ליבע, האבען זיי מיר גאר פיינד. פיינד האבען זיי מיר, פונדעסטוועגען בין איך ביי זיי תפלה, ווען זיי דארפען בעטען ביי ג־ט, קומען זיי צו מיר איך זאל פאר זיי מתפלל זיין. דאס איז א שטענדיגער פאקט, אזעלכעס, וואס דער תלמיד חכם איז ביי זיי קיין ווערט נישט, אבער ווען עס איז אין א נויט קומען זיי צו דעם תלמיד חכם ער זאל פאר זיי מתפלל זיין.

**תהלים ק״ט**, כ״ד. „ברכי כשלו מצום ובשרי כחש משמן״. (מיינע קניען זיינען געשטרויכעלט פון פאסטען און מיין פלייש איז אבגעשוואכט פון פעטס). די דאקטארים זאגט דאס עס איז געזונד פאר

דעם מענשען צו האָבען געזונטע מוסקולען, שטאַרקע ביינער און דער מענש זאָל נישט זיין פעט, אָבער ביי מיר איז פארקערט, איך בין אין נויט און פון פאסטען ווערען מיינע ביינער און מוסקולען שוואך אָבער די נוצען דאָס איך זאָל נישט פעט ווערען, האָב איך נישט, נאָר פאַסטענדיג איז דאָך מיין פלייש פעט, איז ביידע זאַכען צו די נישט גונסטען פון מיין גוף.

**תהלים קי"ב,** ה'. „טוב איש חונן ומלוה יכלכל דבריו במשפט", ו'. „כי לעולם לא ימוט לזכר עולם יהיה צדיק". „משמועה רעה לא יירא נכון לבו בטוח בה". ז'. „סמוך לבו לא יירא עד אשר יראה בצריו". ח'. „פזר נתן לאביונים צדקתו עומדת לעד קרנו תרום בכבוד". ט'. „רשע יראה וכעס, שניו יחרק ונמס, תאות רשעים תאבד". ס'איז גוט צו זיין א גענעדיגער מענש, און פארלייען צו מענשען געלד, אָבער ווען איז דאָס גוט, אז „יכלכל דבריו במשפט", ער וועט מאכען אין אָרדנונג געזעצליך ווי דער משפט, אזוי ווי די גמרא אין בבא מציעא דף ע"ה זאָגט: „מען זאָל ניט פארלייען קיינעם קיין געלד אָהן עדות טאָמער וועט דער לייער לייקענען, וועט דער פארלייער ליידען, ערשטענס, ער וועט שאדען האָבען די געלד, צווייטענס, ער האָט גורם געווען דאָס דער לייער זאָל זיין א רשע, און נאָך, ער ברייגנט אויף זיך א קללה, ווייל עס וועט זיך געפינען אזעלכע מענ־שען וואָס זיי וועלען מיינען אז דער לוה זאָגט ריכטיג און ער קומט איהם טאַקע נישט קיין געלד, וועלען זיי

שילטען דעם מלוה. זיי וועלען אויף איהם זאָגען אז ער איז א בלבול מאַכער". דאָס זאָגט ער ווייטער אָבער אז ער וועט מאַכען דעם פארלייען געזעצליך, גערעכטליך, „כי לעולם לא ימוט", וועט ער זיך נישט אויסגליטשען קיין מאָל, דאָס מיינט ער וועט די געלד נישט פארלירען און „לזכר עולם יהיה צדיק", דער מלוה (פארלייער) וועט קיינער אויף איהם נישט ריידען, דאָס ער מאַנט אומזיסט, נאָר זיין אָנדענקונג וועט בלייבען אז ער איז א צדיק, אז ער וועט זיך גערעכטליך פעראָרדענען ביים פארלייען, איז „משמועה רעה לא יירא", ער וועט נישט דארפען מורא האָבען פאר א שלעכטע הערונג, טאָמער האָט דער לייער באנקראָטירט. זיין האַרץ איז אין ארדנונג, זיין האַרץ איז זיכער אָהן מורא ביז ער וועט זעהן ווי די וואָס ווילען ביי איהם כאַפּען וועלען מוזען באַצאָהלען, „פזר נתן לאביונים וצדקתו עומדת לעד קרנו תרום בכבוד", ער איז געוואָרען א פזרן (א גוטער מענש) צו געדריקטע און זיין קאַפּיטאל בלייבט ביי איהם שטענדיג זיכער און זיין פרעסטיזש ווערט געהויבען. „רשע יראה וכעס, שניו יחרק ונמס, תאות רשעים תאבד", דער רשע וועט קוקען ווי ער קאָן גאָר נישט כאַפּען, ער מוז באַצאָהלען די געלד, ער וועט זיין אין כעס, קריצען די ציין, ער וועט אנטגיין, זיין תאוה (גלוסט) ווערט פערלאָרען.

**תהלים קי"ט**, ב'. „אשרי נצרי עדתיו בכל לב ידרשוהו". (געשעצט זיינען די וואָס היטען

זיינע מצוות און פאַרשען איהם מיט'ן גאנצען הארץ). דאָס מיינט צו זאָגען, אז פיעל געשעצט איז דער מענש וואָס ער היט די מצות נישט בלויז מיט דעם וואָס ער טהוט די מצוה ווען זי קומט איהם צום האנד נאר ער האַלט אין איין זוכען און פאַרשען ווי צו באַקומען די מצוה, אזוי ווי רבי עקיבא האָט געטאָהן, ווי עס ווערט דערצעהלט אין מסכת ברכות דף ס"א, ווען מען האָט געריסען זיין לייב מיט אייזערנע קאמען און ער האָט דאן מקבל געווען עול מלכות שמים, האָבען די תלמידים זיינע איהם געפרעגט: צי יעצט איז די צייט אויף דעם? האָט ער זיי געענטפערט: „כל ימי הייתי מצטער על הפסוק הזה, בכל נפשך, ואפילו הוא נוטל את נפשך אמרתי, מתי יבא לידי ואקיימנו?!, מיין גאנצען לעבען האָב איך שטענדיג געביינקט ווען זאָל צו מיין האנד קומען די מצוה פון ובכל נפשך, דינען ג-ט מיט'ן לעבען, דאָס איז די העכסטע שטופע, געוויינליך ווען עס איז פאָרגעקומען ביי פיעל פון אונזערע קדושים וואָס זיי האָבען זייער לעבען געדארפט אָפּגעבען אויף קידוש השם אין די גזרת שמד, האָבען זיי מקיים געווען דעם בכל נפשך מיט שמחה, אָבער רבי עקיבא'ס מדריגה איז פיעל גרעסער, דאָס נאָך פריער ווען דאָס איז איהם פאָרגעקומען דער מסירת נפש, האָט ער געביינקט נאָך דעם און זיך געוואונשען ער זאָל דאָס קענען אַמאָל מקיים זיין, דאָס מיינט „בכל לב ידרשוהו" מיט'ן גאַנ־צען הארצען עס ווען באַקומען.

אוּן דוד המלך זאָגט ווייטער אין פסוק ג׳, „אף לא
פעלו עולה בדרכיו הלכו״. די צדיקים וואָס
זוכען נאָך צו טאָן די מצוות, איז אויסער וואָס זיי
טוען נישט קיין עוולות, גייען זיי אין זיינע וועגען. זיי
האַלטען אין איין זוכען צו טאָן מצוות. פסוק ד׳: „אתה
צוית פקודיך לשמר מאד״. פסוק ה׳: „אחלי יכנו דרכי
לשמר חקיך״. אזוי ווי דו האָסט פארזאָגט דיינע גע-
זעצען צו היטען זיי, נישט צו פארפעהלען, אַלזאָ בעט
איך דיר, מאך מיינע וועגען צוגעברייט צו היטען דיינע
געזעצען. פסוק ו׳: „אז לא אבוש בהביטי אל כל
מצותיך״. דאַן אז איך זוך צו היטען, וועלען טאָן אַלע
מצוות, און דו וועסט מיר בייהילפיג זיין אין דעם, וועל
איך זיך נישט פארשעמען ווען איך וועל אריינקוקען
אין דיינע מצוות אפילו ווען איך האָב וועלכע פאַר-
פעהלט, אָבער איך האָב דאך געזוכט זיי צו טאָן. אויך
קען מען ערקלערען אויף דעם א משל. א בעל הבית
האָט פארזאָגט זיינע צוויי דינערס ארומצורייניקען די
הויז, די פלאָר (פּאָדלאָגע), די ווענט און דעם סילינג
(פּולאָפּ). איין דינער האָט אלעס גערייניגט נור צום סי-
לינג האָט ער נישט געקענט דערגרייכען, האָט ער אים
נישט גערייניגט. דער בעל הבית איז געקומען, זעהט
ער דאָס דער סילינג איז נישט ריין, בייזערט ער זיך
אויף דעם דינער, וואָס האָט גאָר נישט געטאָן, פרעגט
דער דינער דעם בעל הבית: וואָס שרייסטו נור אויף
מיר? יענער דינער האָט דאָך אויך נישט גערייניקט
דעם סילינג. לאַכט זיך דער בעל הבית פאנאנדער און

זאָגט איהם: שוטה איינער, אויף דיר זעהט מען דאך אז דו האָסט נישט גערייניגט דעם סילינג, גאָר פשוט, ווייל דו האָסט נישט געוואָלט ארבייטען, אָבער יענער זעהט מען דאך אז אלעם האָט ער געטאָן, איז דאך א סימן אז ער וויל טאָהן, איז מסתמא דאָס וואָס ער האָט נישט געטאָהן איז געווים נישט זיין שולד, נאָר ער האָט נישט געקענט דערלאנגען. ער האָט געווים געמיעט זיך דאָס אויך צו טאָהן, איז איהם דארף מען פאר דעם אויך באַצאָהלען. דער נמשל: ס'איז דאָ פיעל מצוות, וואָס נישט יעדער איד קען זיי מקיים זיין. למשל, א ישראל קען נישט מקיים זיין די מצוות פון א כהן, א כהן קען נישט טאָהן אנדערע מצוות וואָס א ישראל קען טאָהן, פעלט א סאך פון די תרי"ג מצוות, זאָגט דוד המלך, דאָס איז נור פאר דעם וואָס איז נישט מקיים אפילו די מצוות וואָס ער קען זיי מקיים זיין, אָבער פאר דעם וואָס „אשרי נוצרי עדתיו בכל לב ידרשוהו", וואָס עס מיט'ן גאַנצען הארצען זוכט ער צו טאָהן מצוות, איז, „אז לא אבוש בהביטי אל כל מצותיך", דער מענש אז ער קוקט אדורך אלע תרי"ג מצוות און ער זעהט דאָס א סאך איז איהם נישט מעגליך געווען מקיים צו זיין דארף ער זיך ניט פארשעמען ווייל מען זעהט דאך אז דאָס וואָס ער האָט יאָ געקענט טאָהן, האָט ער גע־טאָהן, איז דאָך א סימן אז ער וויל טאָהן אלע מצוות.

**תהלים קי"ט**, כ"ג. „גם ישבו שרים בי נדברו עבדך ישיח בחקיך". (אויך ווען שרים זיינען גע־

זעסען גערעדט וועגען מיר, האָט דיין קנעכט געלערענט דיין תורה). ער דערצעהלט די גרויסע ליבשאַפט צו דער תורה, די נאַטור איז, אז א מענש הערט אז מען רעדט וועגען איהם, מעג ער האַלטען אין דעם וויכטיגסטען ענין, וועט ער מפסיק זיין, כדי צו הערען וואָס מען רעדט וועגען איהם. היינט ווער רעדט נאָך אז די וואָס ריידען ארום איהם זיינען גרויסע פערזענליכקייטען, איז געווים ווילט זיך מפסיק זיין צו וויסען וואָס זיי ריידען וועגען איהם, אָבער איך, ווען אפילו שרים ריידען וועגען מיר, בין איך נישט מפסיק פון לערנען דיינע חקים (תורה).

תהלים קי״ט, מ״ח. „ואשא כפי אל מצותיך אשר אהבתי ואשיחה בחקיך". (איך הויב מיינע הענד צו דיינע מצוות וואָס איך האָב ליעב און איך וועל ריידען אין דיינע געזעצען). איך ליעב דיינע מצוות נישט ווי מען דערצעהלט אויף איינעם וואָס איז געזעסען געלערענט געשמאַק מיט ליעבשאַפט צו דער תורה, איז אין מיטען לערנען געקומען צו איהם די גבאים פון תלמוד תורה בעטען א שטיצע אויף דער שטאָטישער תלמוד תורה, וואָס זי האַלט זיך ביים פארמאכען צוליב מאַנגעל אין געלד, ווי דער למדן האָט אויסגעהערט די טענות פון די גבאים, שרייט ער אוים מיט כעס, וואָס זייט איהר מיר מבטל פון לערנען? און הויבט אָן ווייטער לערנען אויפ'ן קול אין דער גמרא וואו ער האָט געהאַלטען דעם מאמר: „המלמד את בן חברו תורה,

זוכה ויושב בישיבה של מעלה". (בבא מציעא דף פ"ה) (ווער עס לערענט יענעמס קינד תורה, ווערט ער זוכה זיין צו זיצען בישיבה של מעלה). אדער ווי מען דער־צעהלט אז א גביר א למדן, איז געזעסען אין בית מדרש ביי א שטענדער מיט א ווילנער ש"ס גמרא, געלערענט, איז צו איהם צוגעגאַנגען א קראַנקער ארעמאַן און בעט דעם גביר ער זאָל רחמנות האָבען אויף איהם מיט זיין הונגער-ליידענדער פאמיליע, שרייט דער למדן מיט כעס צו דעם ארעמאַן, וואָס פאר א העזה איז דאָס? איהם מפסיק זיין אין מיטן ענין לערנען, און ער לע־רענט זיך ווייטער אין גמרא דעם ענין (כתובות דף ס"ח) „כל המעלים עיניו מן הצדקה כאילו עובד עבודת כוכבים". (דער וואָס פערמאכט זיינע אויגען פון צדקה (ער קוקט זיך נישט אום אויף דעם אָרעמאַן) איז גלייך ווי ער וואָלט עבודה זרה געדינט). די דערמאָנטע פרומע ליבען מצוות, ליעבען די תורה, אָבער נאָר מיט'ן מויל, אָבער איך פיהר זיך, זאָגט דוד, די ערשטע זאך איז ואשא כפי אל מצותיך, איך הויב די הענד צו די מצות, איך בין נישט יוצא מיט'ן מויל, נור איך טוה. נאָכהער קומט „אשר אהבתי ואשיחה בחקיך", ליעבען די מצות און לערנען די תורה.

**תהלים קי"ט,** קנ"ו. „רחמיך רבים ה' כמשפטיך חיני". (דיינע רחמנות זיינען פיעל, אזוי ווי דיינע משפטים לאָז מיך לעבען). ער זאָגט צום אויי־בערשטען: איך ווייס אז דיינע רחמנות זיינען פיעל און

דו וועסט געווים מיר לאָזען לעבען, אָבער איך וויל ניט
זיין פארצייכענט אין די ביכער אז איך בין באשולדיגט
נור מען האָט מיר באגנעדיגט אלס רחמנות, נאָר איך
וויל אז „כמשפטיך חיני" לאָז מיר לעבען אלס געריכט-
ליך. אין דעם זעלבען זין ערקלערט מען אין די אבינו
מלכנו'ס, מען בעט דעם אויבערשטען „אבינו מלכנו
סלח ומחל לכל עונותינו", נאָכהער בעט מען ווידער
„אבינו מלכנו מחה והעבר פשעינו וחטאתינו מנגד
עיניך" (אונזער פאָטער אונזער קעניג פערגיב אונזערע
אלע זינד). נאכהער בעט מען (אונזער פאָטער אונזער
קעניג מעק אָפּ און פאַרניכט אונזערע זינד פון דיינע
אויגען). פרעגט זיך, אז מען האָט שוין געבעטען אויף
מוחל זיין די זינד, טאָ וואָס בעט מען ווידער אויף אָפּ-
מעקען די זינד? נאָר ווי מיר האָבען ערקלערט, מאַנכע
מאָל איז מען מוחל די זינד, מען באשטראָפט נישט פאר
די זינד צוליב רחמנות, אָבער אין בוך פיגורירט א זינד
נאָר זי איז געשענקט געוואָרען צוליב רחמנות, אָבער
דאָס איז נישט געוואונשען פאר אונז אזוי ווי מען ווייס
אז אין געריכט ווערט נישט געריכטליך אראָפּגענומען
די שולד איז ביי ועלכע געלעגענהייט עס קומט דעם
מענשען עפּעס פאָר צו ווערען געריכטעט, רעכענט
מען צו דעם אַלטען געשענקטען זינד, דארום בעטען מיר
ווידער נישט בלויז זיי אונז מוחל נאָר אויך מעק אוים
פון די ביכער זאָל זיין אוים זינד אין גאַנצען. אויך קען
זאָגען, דאָס דוד המלך טענה'עט צום אויבערשטען:
„רחמיך רבים ה' כמשפטיך חיינו", ג-ט דיין רחמנות

איז פיעל און אַלע צרות און פאַרטיליגונגען, וואָס די שונאי ישראל טהוען אונז קענען זיי אונז נישט פאַר־טיליגען אין גאַנצען. געווים, וועט דיין רחמנות זיין אויף אונז, אָבער? וויפיעל איז דער שיעור צו לעבען נאָר אויף רחמנות? כמשפטיך חייני, לאָז אונז שוין לעבען געריכטליך, מיט'ן געזעץ, זאָל מען שוין רחמנות נוצען אויף אונזערע שונאים, נישט אויף אונז.

**תהלים קי"ט**, ק"ס. „ראש דברך אמת ולעולם כל משפט צדקך". (דער אָנפאַנג פון דיינע רייד איז אמת, און שטענדיג דער גאַנצער משפט דיין גע־רעכטיגקייט). ער ערקלערט דאָס דער ערשטער יסוד פון אלץ איז דער אמת, נאָר מען דארף שטענדיג נעמען אין אַכט, אז אין יעדער משפט זאָל מען זיך נישט באַנו־צען בלויז מיט'ן משפט און דעם אמת, נאָר מען זאָל נוצען דעם צדק אויך.

**תהלים קי"ט**, קס"ו. „שברתי לישועתך ה' ומצותיך עשיתי". (איך האָב געהאפט צו דיין הילף ג־ט און דיינע מצוות האָב איך געטאָן). ס'איז דאָ אזעלכער, ווען ער איז אין א נויט, און דארף ג־ט'ס הילף, בעט ער ביי ג־ט און זאָגט איהם צו, דאָס אז ווען ג־ט וועט איהם העלפען, וועט ער טאָן געוויסע גוטע זאַכען, נאָר דערווייל, טהוט ער נישט די גוטע זאכען, ער האַלט זיי אין משכון ביז וואַנען ג־ט וועט איהם פריהער העלפען, און מאַנכע מאָל איז אפילו ווען ג־ט

העלפט זיי איז נאָך דער הילף האָבען זיי חרטה, וואָס זיי האָבען צוגעזאָגט פאַר ג־ט, ווי מען דערצעהלט: איינער איז געגאַנגען ביינאַכט אין אַ גרויסען וואַלד, פאַר שרעק פון גזלנים האָט ער צוגעזאָגט, אַז דער אויבערשטער וועט איהם דורכפיהרען בשלום דעם וואַלד, וועט ער געבען אַ געוויסע סומע צו צדקה. ווען ער האָט שוין דערזעהן, דאָס דער וואַלד ענדיגט זיך שוין, האָט ער חרטה געקריגען און טענה׳ט ביי זיך, אַז עס איז גאָר נישט געווען אַזאַ סכנה, דער וואַלד איז גאָר נישט אַזאַ גרויסער. אין דער חרטה דערזעהט ער פון וויטען עס געהט פון וואַלד אַ מענש מיט עפּעס אין האַנד, איז וויטער אויף איהם אַרויף אַ שרעק, און ער טענה׳ט שוין ווידער צו ג־ט מיט די ווערטער: רבונו של עולם, איך האָב די חרטה געמאַכט נור אין שפּאַס, און דו ווילסט שוין הרג׳ענען. ג־ט, איך וועל מקיים זיין, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט. נאָכהער, ווי דער מענש איז צו נאָהענט צו איהם, האָט ער דערזעהן, אַז דאָס איז זיינער אַ גוטער באַקאַנטער. די מורא איז וויטער אַראָפּ און די חרטה איז איבעראַנייעס געקו־מען מיט דער טענה, אַז ס׳איז גאָר קיין נס נישט גע־ווען, ס׳איז קיין גרויסער וואַלד נישט געווען און קיין גזלנים זענען אויך דאָרט נישט געווען. אָבער איך ניט אַזוי, נאָר צו דיין הילף האָף איך און דיינע מצוות האָב איך געטאָן, נישט אָפּגעלייגט זיי צו טאָן דערנאָך, ווען דו וועסט מיר העלפען.

**תהלים קי"ט,** ע"א. „טוב לי עניתי למען אלמד חקיך". ע"ב. „טוב לי תורת פיך מאלפי זהב וכסף". (מיר איז גוט אז איך ווער געפייניגט וועגן איך זאָל לערנען דיין תורה). (ס'איז מיר גוט די תורה פון דיין מויל פון טויזענטער גאָלד און זילבער). דוד המלך מיינט צו זאָגען לויט ווי די גמרא אין ברכות דף ד' לערענט אַרוים פון פסוק: „אשרי הגבר אשר תיסרנו יה ומתורתך תלמדנו". (וואויל איז דעם מענש וואָס ג-ט שטראָפט איהם און לערענט איהם פון זיין תורה). די גמרא זאָגט דאָרט, אז אזעלכע יסורים, וואָס זיי האָבענדיג, לערענט מען אויך תורה, הייסען די יסורים, „יסורים של אהבה", יסורים פון ליעבשאַפט, דעריבער „טוב לי כי עניתי למען אלמד חקיך". ס'איז מיר גוט אזא פייניגען זיך און מען לערענט אין דער צייט דיינע געזעצען. זאָגט דוד ווידער: דו האָסט דאָך צוגעזאָגט אז „כל המקיים את התורה מעני, סופו לקימה מעשר" (דער וואָס לערענט די תורה פון ארעמקייט און פיין, וועט ער צום סוף לערנען פון רייכקייט). אלזאָ „טוב לי תורת פיך מאלפי זהב וכסף", איז מיר שוין בעסער צו לערנען דיין תורה פון רייכקייט פון טויזענ־דער גאָלד און זילבער אלס לערנען פון ארעמקייט און פיין. גיב מיר בעסער דעם צווייטען פאַל.

**תהלים קי"ט,** ק"ד. „מפקודיך אתבונן על כן שנאתי כל ארח שקר" (פון דיינע געזעצען האָב איך פערשטאַנען דעריבער האָב איך פיינד יעדען פאַל־

שען וועג). איך האָב זיך ערקונדיגט פון די אָנזאָגונגען אין דיין תורה, דאָס ביי אלע עבירות האָסטו נאָר פאר־זאָגט מען זאָל די עבירה ניט טאָן און געניוג, און ביי ליגען זאָגען, האָסטו פארזאָגט מיט דעם נוסח „מדבר שקר תרחק", פון ליגענד זאָלסטו זיך דערווייטערען, איז דעריבער האָב איך די פאַלשע וועג פיינד.

**תהלים קי"ט**, ק"נ. „קרבו רודפי זמה מתורתך רחקו". די וואָס יאָגען זיך נאָך שלעכטע געדאנקען איז צו אלץ ווייזען זיי התקרבות (פריינדשאפט). זיי זאָ־גען זיך נישט אָפּ פון קיין שטיצע צו געבען, סיי מאָ־ראַליש, סיי פיזיש, נאָר „מתורתך רחקו", אַזוי ווי עס קומט צו דיין תורה, ווייזען זיי התרחקות, האַלטען זיי זיך אין איין דערווייטערען.

**תהלים קי"ט**, פ"א. „כלתה לתשועתך נפשי לדברך יחלתי (מיין נפש גלוסט צו דיין הילף, צו דיינע רייד טו איך האָפען) טענה'ט דוד צום רבונו של עולם. עס גלוסט זיך דיין ישועה צו קריגען, און אז דו שיקסט נאָך נישט די ישועה, וואָלט זיך אמ־וויינינגסטען וועלען כאטש הערען א וואָרט פון דיר, ווען וועט זיין די ישועה, וועט דאָס אויך גרינגער מאָ־כען די צרות. דער ספר אגלי טל ברייגגט אזא אופן דאָס וואָס מיר בעטען אין יעלה ויבא די ווערטער „ובדבר ישועה ורחמים חוס וחננו", מיט רייד פון ישועה און רחמים דערבאַרים אונז, אַז ניט די הילף, איז כאָטש הע־

רען אַ וואָרט ווען די הילף וועט קומען. דאָס זעלבע בעט דוד המלך אין פסוק פ״ב „כלו עיני לאמרתך לאמר מתי תנחמני״, מיינע אויגען גלוסטען צו דיינע רייד דו זאָלסט זאָגען ווען דו וועסט מיר טרייסטען ווארום אזוי דיינ־קען דאך אונזערע שונאים אז מיר זיינען אין גאַנצען הפקר, חס ושלום.

**תהלים קי״ט**, ק״ג. „מה נמלצו לחכי אמרתך מדבש לפי״. ווי מליצה׳דיג זיינען דיינע ווערטער צו מיין גומען, בעסער ווי האָניג צו מיין מויל, דען האָניג ווי עס איז זיס און גוט איז דאָך צו פיעל אומגע־זונד, ווי עס ווערט געזאָגט אין משלי כ״ה „דבש מצאת אכל דיך פן תשבענו והקאתו״, ווען דו געפינסט האָניג עס גענוג אָבער צופיעל, וועסטו אויסברעכען, אָבער דיינע רייד איז געשמאק און עס איז גאָר נישט דאָ צו־פיעל.

**תהלים קי״ט**, קס״א. „שרים רדפוני חנם ומדברך פחד לבי״ (האַרען האָבען מיר אומזיסט געיאָגט, און פון דיינע רייד האָט זיך געפאָרכטען מיין הארץ) דאָס מיינט צו זאָגען, אז ווען איינפאַכע מענ־שען זאָלען מיר יאָגען וואָלט איך זיך געקענט טרייסטען אז זייער ניט געלערנטייק און אומערצויגענקייט איז די סיבה וואָס זיי יאָגען מיך, אָבער אז די שרים, די גרויסע מענשען יאָגען מיך, איז געווים די סיבה וואָס דו האָסט זיי געזאָגט זיי זאָלען מיר יאָגען, נאָך קען מען זאָגען

די מיינונג דאָס טענה'ט דוד המלך, ווען עס וואָלטען מיר געיאָגט געוויינליכע מענשען איז נישט ווייל דו האָסט זיי געזאָגט מיך צו יאָגען, נאר זיי יאָגען מיך מיט זייער אייגענעם ווילען, ווייל דער מענש איז א בעל בחירה וואָס ג-ט האָט איהם איבערגעגעבען דאָס ער זאָל האָבען די רעכט אויף טאָהן גוטעס און שלעכטס, אָבער דאָס וואָס שרים יאָגען מיך, איז דאָך געוויס וואָס דו האָסט געהייסען מיך יאָגען, ווייל שרים און מלכים האָבען נישט די רעכט צו טאָהן זעלבסט וואָס זיי ווי־לען, ווארום „לב מלכים ושרים ביד ה׳", די הארץ פון מלכים און שרים איז אין ג-ט'ס האנד, זיי האָבען נישט זייער אייגענע בחירה, זיי קענען נישט טאהן פון זיך זעלבסט, וואָס זיי ווילען. שרעק איך זיך, אז דו האָסט געהייסען מיך יאָגען. נאָך קען מען זאָגען לויט די גמרא אין גיטין דף נ״ו: „כל המיצר לישראל נעשה ראש", דער וואָס טוט אָן צרות אידען ווערט ער אַ עלטסטער, דאריבער יאָגען זיי מיך, זיי זאָלען גרויס ווערען, ווען דו וואָלסט איבערגעמאַכט דעם כל המיצר וואָלטען זיי מיך אפשר נישט געיאָגט.

**תהלים קל״ט,** כ״א. „הלוא משנאיך ה׳ אשנא ובתקוממיך אתקוטט". כ״ב. „תכלית שנאה שנאתים לאיבים היו לי". כ״ג. „חקרני אל ודע לבבי בחנני ודע שרעפי". כ״ד. „וראה אם דרך עצב בי ונחני בדרך עולם". (די אלע וואָס האָבען דיך פיינד, האָב איך זיי פיינד און די אלע וואָס שטעלען זיך דיר אנטקעגען

קריג איך זיך מיט זיי״.) (איך האָב זיי פיינד א צוועק־ליכע פיינדשאפט, נישט קיין פערזענליכע, אָבער זיי זיינען מיר געוואָרען פיינד). (באקלער מיר ג־ט און ווייס מיין הארץ, פּרוביר מיר און ווייס מיינע געדאנ־קען). און זעה אויב עס איז דאָ אין מיר שפּורען פון אומעדיקייט, נאָר וואָס איך האָב זיי פיינד איז נישט ווייל איך בין מעלאַנכאָליש, אַ מענשען פיינד, נאָר די שנאה מיינע צו זיי איז א צוועקליכע שנאה, ווייל זיי זיי־נען דיינע פיינד, בעט איך דיר „ונחני בדרך עולם״ דארפסטו דאך מיר פיהרען די וועלט וועג, די שונאים וואָס איך האָב, איז דאך בלויז וואָס איך פיהר א שנאה מיט זיי, איז דאך נישט מיינע פערזענליכע זאכען נאר פון דיינעטוועגען.

תהלים קמ״א, ו׳. „נשמטו בידי סלע שופטיהם ושמעו אמרי כי נעמו״ דוד המלך באקלאגט זיך א גאנצע וועלט הערט אויס די בלבולים אויף מיר, טאָ־מער וואָלט דער אידישער פאָלק אויפקלערען אז דאָס איז אלעס בלבולים און אלעם ווערט אָפּגעטאָן צוליב די פּאָליטישע צוועקען פון די פירערס זייערע, גיבען ארויס זייערע פירערס געזעצען אז מען זאָל דעם אידען נישט אויסהערען, דערום בעט ער ביי ג־ט: נשמטו בידי סלע שופטיהם, ווען זייערע שופטים וואָלטען געשפּאָלטען די קעפּ אין שטיין וואָלט איך געקענט קומען צום וואָרט, און מען וואָלט מיר אויסגעהערט מיינע רייד און זיי וואָלטען הערען דאָס מיינע רייד זיינען ריכטיגע.

